ווײַסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע
נאצקאָמיסיע באם צ.א.ק. וו.ס.ס.ר. און ייִדסעקטאָר וואק

סאָציאל-עקאָנאָמישע
סעריע

2

# די שטעטלעך פון וו.ס.ס.ר.
# אין רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד

באריכט פון דער אויספאָרשונג, וואָס עס
האָבן דורכגעפירט די נאצקאָמיסיע באם
צ.א.ק. וו.ס.ס.ר. און דער ייִדסעקטאָר וואק
אין מארט—אפרעל 1931

פרײַז 40 קאָפּ.

מינסק — 1932

ווײַסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע
נאצקאָמיסיע באם צ.א.ק. װ.ס.ס.ר. און ייִדסעקטאָר וואק

סאָציאַל-עקאָנאָמישע
סעריע

2

# די שטעטלעך פון וו.ס.ס.ר. אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד

באריכט פון דער אויספאָרשונג, וואָס עס
האָבן דורכגעפירט די נאצקאָמיסיע באם
צ.א.ק. וו.ס.ס.ר. און דער ייִדסעקטאָר וואק
אין מארט—אפּרעל 1931

מינסק — 1932

דידאָזיקע בראָשור האַלט אין זיך אייניקע סאַכאַקלען פון דער אויספאָרשונג פון 13 שטעטלעך אין ווסםר, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1931 יאָר דורך דער נאַצ. קאָמיסיע באַם צ.א.ק. ווסםר און דער טאָציִאַל-עקאָנאָמישער קאָמיסיע באַם ייִדסעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע; די אויספאָרשונג, ווי אַ פּרוּוו צו פאַרייניקן די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק אין דער וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשערישער אַרבעט, האָט געהאַט דעם ציל צו דינען דער פּאַרטיי אין איר גרויסער פאַרצווײַגטער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער, אַרבעטנדיקע, אָרעמקײַט.

די סאַכאַקלען, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אויפן גרונט פון אַ דעטאַלער און אַלזײַטיקער אויספאָרשונג, קענען דינען פאַר דער בעסטער אילוסטראַציע פון די דערגרייכונגען פון דער פּאַרטיי און סאָוועטן-מאַכט אין געביט פון דער לענינישער נאַצפּאָליטיק. די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע פון אַלע געוועזענע באַם צאַריזם אונטערדריקטע פעלקער און איצט גלײַכבאַרעכטיקטע מיטגלידער אין די פרײַע סאָוועטישע סאָציִאַליסטישע רעפּובליקן. די אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָט באַפרײַט די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן, וועלכע אַרבעטן און קעמפן אונטער די לענינישע פאָנעס האַנט אין האַנט מיט אַלע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע פעלקער פון גאַנץ סאָוועטן-פאַרבאַנד פאַרן אויספילן און איבערשטײַגן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר, באַקעמפנדיק דעם ווידערשטאַנד פון קלאַסן-סוינע און זײַן אַגענטור—דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם, די הויפּט-געפאַר אין איצטיקן פעריאָד, און די „לינקע״ אָפּנייגן.

די אויספאָרשונג האָט באַוויזן די קאָלאָסאַלע דערפאָלגן פון דער פּאַרטיי אין געביט פון דער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטנדיקע און אָרעמקײַט. דאָס איז מעגלעך נאָר באַ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, נאָר אין דעם לאַנד, ווו סיבויט זיך דער סאָציִאַליזם. אין דער צײַט, ווען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווי פּוילן, ליטע, רומעניע, פּאַלעסטינע, אַמעריקע און אַנדערע מעלוכעס, ווו אונטער דער לאַסט פון דער פאַשיסטישער דיקטאַטור און דעם שווערן יאָך פונעם עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס ווערט אַלץ טיפער און שאַרפער, ווערט די לאַגע פון די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אומדערטרעגלעך. און דער עלנט

פון די פּויפּעריזירטע מאסן האָט דערגרייכט דעם העכסטן גראד, — זעען מיר, ווי אין סאָוועטן-פארבאנד, וואָס איז שוין ארײַנגעטראָטן אין פּעריאָד פון סאָציאַליזם, איז אויסגעוואקסן די צאָל ייִדישע ארבעטער, קאָלווירטניקעס, קאָאָפּערירטע קוסטארעס, ס'איז אויסגעוואקסן זייער קולטורעלער ניוואָ.

די באָלשעוויסטישע פּארטיי, פירנדיק דעם פּראָלעטאריאט אין קאמף פאר דער אָנקלאסאָוועך, סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, וועט ליקווידירן אלע שפּורן פון דער צארישער, קאפּיטאליסטישער ירושע, אין געביט פון דער נאציאָנאלער פּראגע. דעריבער איז די דירעקטיוו פון דער פּארטיי — מיט פארשטארקטע באָלשעוויסטישע טעמפּן פאָרצוזעצן דעם קאמף פאר דער לעניניסטישער נאציאָנאלער פּאָליטיק, קעמפנדיק קעגן גרויסהערשערישן שאָוויניזם, ווי די הויפּט-געפאר אין איצטיקן פּעריאָד, קעגן דעם ייִדישן שאָוויניזם און נאצדעמאָקראטיזם, ווי אויך קעגן יעדער פארקריפּלונג פון דער באָלשעוויסטישער ליניע אין דער נאציאָנאלער פּראגע.

אפן גרונט פון אונדזער אויספאָרשונג האָט די נאצקאָמיסיע געמאכט א באריכט אפן פּרעזידיום פון צ.א.ק. פון ווססר וועגן די ייִדישע ארבעטנדיקע און האָרעפּאשנע אין די שטעטלעך. די רעזאָליוציע פון צ.א.ק. ווערט בײַגעלייגט צום סאָף בראָשור.

דער גאנצער מאטעריאל פון דער אויספאָרשונג וועט ארײַנגיין אין א באזונדערן בוך. די בראָשור האלט נאָר פּאָרלויפיקע סאכאקלען, וועלכע האָבן געדינט אלס מאטעריאל פארן באריכט. מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס א ריי וויכטיקע פּראָבלעמעס זײַנען אין דערדאָזיקער בראָשור ניט באריירט געוואָרן, אָדער באריירט געוואָרן אין ניט קיין גענוגנדיקער מאָס. (געווערב-ארטעלן, בײַשטעטלדיקע קאָלווירטן און אנד.); זיי וועלן באארבעט און באלויכטן ווערן אין דעם אָנגעמערקטן בוך.

נאצקאָמיסיע באם צ.א.ק. ווססר.

ייִדסעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט-אקאדעמיע.

# די שטעטלעך פון וו.ס.ס.ר. אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד.

## 1. אונדזער ציל-אײַנשטעלונג

אין מארט-אפּרעל 1931 האָט די נאצ. קאָמיסיִע באם צ.א.ק. וו.ס.ס.ר. צוזאמען מיט דער סאָציִאל-עקאָנאָמישער קאָמיסיִע באם ייִד-סעקטאָר פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט-אקאדעמיִע דורכגעפירט אן אויספאָרשונג פון 13 שטעטלדיקע און שטאָטישע ייִשוּוים אין ווסר. בײַס מיר האָבן זיך גענומען צו דערדאָזיקער אויספאָרשונג, זײַנען מיר ארויסגעגאנגען פון פאָלגנדיקע האנאָכעס:

1) לויט דער באשטימונג פון צ.ק. ק.פּ.(ב)וו. דארף די ווירטשאפטלעכע אײַנאָרדענונג פון די ארבעטנדיקע אין די שטעטלעך פון ווסר פארענדיקט ווערן צום סאָף פון פינפיאָר. צו דעם איז נייטיק צונויפזאמלען און באארבעטן אזא פאקטישן מאטעריאל, וועלכער זאָל געגוי באלײַכטן די פּראָבלעמעס, וואָס זיינען פארבונדן מיט דעם שטעטל אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריִאָד. די סאָציִאל-עקאָנאָמישע קאָמיסיִע האָט גענומען אף זיך דורכפירן דידאָזיקע אויספאָרשע-רישע ארבעט אפן גרונט פון די קאָנקרעטע דירעקטיוון פון די פּארטייִשע און סאָוועטישע אָרגאנען.

2) די גראנדיִעזע סאָציִאליסטישע בויונג, וואָס האָט ארומגעכאפּט גאנץ ווסר, די קאָלעקטיוויזאציִע פון דער לאנדווירטשאפט און דאָס ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס אף דער באזע פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, ליקווי-דאציִע פון ארבעטלאָזיקײַט, דאָס ארײַנציִען אין דער אינדוסטריע באדײַטנ-דיקע שיכטן ארבעטנדיקע, ספּעציִאליזירונג פון רײַאָנען — די אלע מאָמענטן האָבן געמוזט אוועקשטעלן א גאנצע ריי וויכטיקע נײַע פּראָבלעמעס פון שטעטל, וועלכע דארפן געלייזט ווערן אין העסקעם מיט דער סאָציִליסטישער בויונג אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריִאָד. ס'איז דעריבער נייטיק געווען דורכפירן אן אויספאָרשונג, וואָס זאָל ארומנעמען דאָס שטעטל פון פארשיידענע שטאנד-פונקטן — די וויכטיקסטע דעמאָגראפישע ווײַזער, סאָציִאלע דיפערענצירונג, עקאָנאָמישע לאגע, פּאָליטישער און קולטורעלער צושטאנד א. א. וו.,—און וואָס זאָל קענען דינען אונדזערע פּארטייִשע, מעלוכישע אָרגאנען אין זייער ארבעט.

3) ווי באקאנט, האָט דער מעלוכע-פּלאן פון ווסטר, אפּן סמאך פון די באשלוסן פון ראטפּאָלקאָם ווסטר פון 25-טן יאנוואר און 25־אפּרעל 1928 יאָר, פארנומען זיך מיט דער ווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פון די שטעטלעך. ס'איז דעריבער נייטיק געווען צו באקענען זיך מיט די רעזולטאטן פון דער ארבעט און אָנמערקן די ליניעס פון איר ווײַטערדיקער אנטוויקלונג אין העסקעם מיטן באשלוס פון צ.ק. ק.פּ(ב)וו.

4) איינע פון די פראגעס, וואָס די אויספאָרשונג האָט געשטעלט פאר זיך, איז געווען די פראגע פון קאָנטינגענטן פאר בירא-בידזשאן און קרים. דידאָזיקע פראגע האָט, ווי באקאנט, ארויסגערופן א שטארקע דיסקוסיע אין אונדזער סאָוועטישער פרעסע. די פילצאָליקע ארטיקלען וועגן דער קאָנטינגענטן-פראגע האָבן פארמאָגט א גרויסן פעלער, וועלכער האָט געשטערט אוועקצושטעלן זי אף דער געהעריקער הייך. דאָס איז — דאָס פעלן פון קאָנקרעטן ציפער-מאטעריאל וועגן דעם שטעטל, אלס רעזערוואר פון דידאָזיקע קאָנטינגענטן — די אײַנאָרדענונג פון דער באפעלקערונג, סאָציאלער און פראָפעסיאָנעלער באשטאנד, פראָצעסן פון אינערלעכער אויסוואנדערונג. אונדזער אויספאָרשונג האָט געדארפט געבן מאטעריאל צו דער קאָנטינגענטן-פראגע.

קעדיי דורכפירן די אָנגעמערקטע ארבעט האָט דער יידסעקטאָר, צוזאמען מיט דער נאצ. קאָמיסיע, אויסגעארבעט א ספּעציעלע קארטל, וועלכע זאָל ארומנעמען די גאנצע באפעלקערונג פון שטעטל, פון אלע נאציאָנאליטעטן. ס'איז אויסגעארבעט געוואָרן א בלאנק פון א פאמיליען-קארטל, וואָס האָט אין זיך געדארפט אײַנשליסן יעדיעס וועגן דער פאמיליע: ארבעטנדיקע און ניט ארבעטנדיקע מיטגלידער, ווער איז פון דער פאמיליע אריבערגעפאָרן אין אן אנדער אָרט, ווען און וווהין, געשלעכטלעכער באשטאנד, נאציאָנאלער באשטאנד, סאָציאלער, פראָפעסיאָנעלער, פארטייִשער א. א. וו. (דער בלאנק פון דער פאמיליען-קארטל איז בײַגעלייגט). אויסערדעם זײַנען לויט ספּעציעלע סכעמעס אויסגעפאָרשט געוואָרן די געווערב-ארטעלן אין שטעטל און די בײַשטעטלדיקע קאָלווירטן. אזוי ארום האָט אונדזער אויספאָרשונג ארומגעכאפּט סײַ איינצלנע פאמיליעס, סײַ באזונדערע ווירטשאפטלעכע אנשטאלטן.

שווער איז געווען אָפּצושטעלן זיך אף באשטימטע קריטעריען באם אָפּקלײַבן די אָדער יענע שטעטלדיקע ייִשווים אלס אָביעקטן פון אויספאָרשונג. קיין טיפּיזאציע פון די שטעטלעך איז אין אונדזער וויסנשאפט ניטאָ. ס'איז דעריבער אויסגעקומען אָפּשטעלן זיך אף דעם אָדער יענעם שטעטל, ארויסגייענדיק פון געוויסע, באשטימטע סימאָנים, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר א קאָמבינאציע פון פארשיידענע מאָמענטן, — געאָגראפישע, עקאָנאָמישע און אנד. אייניקע פונקטן זײַנען אָפּגעקליבן געוואָרן צוליב פארגלײַכונג-צילן, אף וויפל עס זײַנען געווען וועגן זיי גענוגע מאטעריאלן פון פאר און נאָך דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע און דאָס האָט געגעבן א מעגלעכקײַט באטראכטן זיי ניט נאָר סטאטיש,

נאָר דינאמיש. ס׳זײַנען אויך אײַנגעשלאָסן געוואָרן אזעלכע פונקטן, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאר אײַנגעאָרדנטע לויטן פּראָיעקט פון מעלוכע-פּלאַן פון ווססר.

מיר האָבן אײַנגעשלאָסן אין אונדזער פאָרשונג אויסער אזוינע ייִשוּוים, וואָס האָבן זיך ספּעציִעל גערעכנט פאר שטעטלעך, אויך אזעלכע קליינע ייִשוּוים פון שטאָטישן טיִפּ, וועלכע האָבן פאר דער רעוואָלוציע פאָרגעשטעלט מיט זיך אויעזדנע אדמיניסטראטיווע צענטערס און רעכענען זיך פאר שטעט. אזעלכע געוועזענע אויעזדנע שטעט, אין און ארום וועלכע עס קומט פאָר לויט אונדזערע פּלענער א שוואכערע בויונג באם איצטיקן טאָג, וואָס פארמאָגן באדײַטנדיקע ארבעט-רעסורסן, און האגאם זיי לײַדן ניט איצט פון ארבעטלאָזיקײַט, קענען זיי אָבער אין דערזעלביקער צײַט ניט פארעכנט ווערן פאר פעסט אײַנגעאָרדנטע — די פראגע וועגן די געוועזענע אויעזדנע שטעט איז זייער א ברייטע און ערנסטע. אף וויפל אזעלכע שטאָטישע פונקטן זײַנען פארשפּרייט איבערן גאנצן פארבאנד, איז די פראגע וועגן זייער איצטיקער לאגע און פערספּקטיוון א פראגע ניט נאָר פון ווססר אליין. קעדיי צו פאנאנדערארבעטן אזא פראגע דארפן פריער צוגעגרייט ווערן מאטעריִאלן אין פארשיידענע רעפּובליקן און רייאָנען פון גאנצן פארבאנד. אין דעמדאָזיקן פּראט זײַנען מיר די ערשטע, וואָס האָבן דורכגעפירט אזא ארבעט.

פאר אונדז איז אויך געווען קלאָר, אז די פּראָבלעמעס פון ווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פון די שטעטלעך און ספּעציִעל פון די ייִדישע ארבעטנדיקע און אָרעמקײַט, טאָרן ניט און קענען ניט אָפּגעריסן ווערן פון דער ארומיקער עקאָנאָמישער סוויווע, אין דער ערשטער ריי — פונעם רײַאָן, מיט וועלכן דאָס שטעטל איז ענג פארבונדן, און וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר איינעם פון די וויכטיקסטע רונגען אין דער קייט פון סאָציִאליסטישער בויונג. דערדאָזיקער וויכטיקער מאָמענט איז ניט דערשאצט געוואָרן, סײַ אין די פריִערדיקע אויספאָרשונגען, סײַ אין דער פּראקטישער ארבעט פון אייניקע מעלוכע-אָרגאנען. אזא ניט דערשאצן האָט אומפארמײַדלעך געמוזט ברענגען צו אָפּאָרטוניסטישע פארקריפּלונגען פון רעכטן און „לינקן״ שניט. פאר אונדז איז געווען קלאָר, אז די שטעטל-פּראָבלעם איז א טייל פון דער גאנצער סאָציִאליסטישער בויונג, אז די פּראָבלעם פון דעם אָדער יענעם קאָנקרעטן שטעטל — דאָס איז א טייל פון דעם עקאָנאָמישן רײַאָן, און נאָר אין פארבינדונג און אפּן פאָן פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון רײַאָן, קען מען די פּראָבלעם פון שטעטל שטעלן און לייזן. די ספּעציִאליזירונג פון די רײַאָנען אין ווססר דארף באשטימען די עקאָנאָמישע און סאָציִאלע פיזיִאָנאָמיע פון שטעטל.

די אלע אָנגעוויזענע מאָמענטן האָבן מיר אוועקגעלייגט אין יעסאָד פון אונדזער אויספאָרשונג,

## 2. די אויספאָרשונג

אלס אָביעקטן פון אונדזער אויספאָרשונג האָבן מיר גענומען פאָלגנדיקע שטעטלעך:

1. דרײַ געוועזענע אויעזדנע שטעט, שוואך-אינדוסטריאַליזירטע — דריסע, (הארט באם גרענעץ), טשערווען (געוו. איהומען), סענע.

2. צוויי שטעטלעך פון פאבריק-זאוואָדישן טיפ, אין וועלכע אָדער נאָענט פון וועלכע עס געפינט זיך א גרויסע פאבריק-אונטערנעמונג—טשאשניק (פאפיר-פאבריק „רויטער שטערן") און נאראָוולע (קאָנפעטן-פאבריק).

3. צוויי שטעטלעך פון קוסטארישן טיפ מיט אן איבערוועגנדיקער האנטווערקערישער באפעלקערונג — סמילאָוויטש און פּאָדאָבריאנקע.

4. צוויי שטעטלעך ווײַט פון אײַזנבאן — קאָרמע און קראסנאָפּאָליע. אף דעם לעצטן ייִשעוו האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויך צוליב דעם, וואָס וועגן אים איז פאראן ד״ר ל. ראָכלינס א פובליקירטע מאָנאָגראפיע פון פאר דער רעוואָליוציע (אף רוסיש — Местечко Краснополье—СПБ—1909).

5. צוויי גרענעץ-שטעטלעך אין פארשיידענע קאנטן פון ווססר — אוזדע און אָסווייע.

6. א גרויסער שטעטלדיקער ייִשעוו אין פּאָלעסיע, ניט ווײַט פון גרענעץ—טוראָוו.

7. א קליין שטעטעלע אין א וואלד-געגנט — לאפיטש. וועגן דעמדאָזיקן ייִשעוו האָט דער ייִדסעקטאָר פארמאָגט מאטעריאַלן פון אן עקספּעדיציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין יאָר 1926.

אזוי ארום האָט אונדזער אויספאָרשונג ארומגעכאפט 13 שטעטלעך פון פארשיידענעם טיפ אין פארשיידענע געאָגראפישע געגנטן פון ווסס ר.

אין יעדן פון די אויסגערעכנטע פונקטן האָבן מיר געשיקט א ספּעציעלן מענטשן אף דורכפירן די אויספאָרשונג מיט דער הילף פון אָרטיקן געזעלשאפטלעכן אקטיוו. די אָפּשרײַבונג פון דער באפעלקערונג לויט אונדזער בלאנק פלעגט דורכגעפירט ווערן דורך אָרטיקע מענטשן; אין מעשעך פון דער אָפּשרײַבונג האָט זיך געפונען אין שטעטל דער כאווער, וואָס איז דורך אונדז ספּעציעל געשיקט געוואָרן; דערזעלביקער כאווער פלעגט אויך דורכפירן די אויספאָרשונג פון די געווערב-ארטעלן און בײַשטעטלדיקע קאָלווירטן.

פאָלגנדיקע כאוויירים האָבן דורכגעפירט די אויספאָרשונג אין יעדן פונקט באזונדער: דריסע—כ' שאצקי, טשערווען—כ' ליכטערמאן, סענע—כ'כ' אלעקסאנדראָוו און פײַנזילבער, טשאשניק—כ' ל. האָלמשטאָק, נאראָוולע—בריגאדע פון נאצ. קאָמיסיע באם צ.א.ק. ווססר, סמילאָוויטש — כ' או. פינקעל, פּאָדאָבריאנקע—כ' הערשנבוים, קאָרמע—כ'כ' הערשנבוים און ווערעמיקין, קראסנאָפּאָליע — כ' עליאנאָוו, אוזדע — כ' קורלאנד, אָסווייע — כ' הענדעל, טוראָוו — כ' הערשנבוים, לאפיטש — כ-טע ליס.

אין אלגעמיין האָט אונדזער אייספאָרשונג ארומגעכאפּט פאָלגנדיקע צאָל באפעלקערונג:

טאבעלע 1.

צאָל אויסגעפאָרשטע באפעלקערונג אין 13 שטעטלעך

| נומ. | נאָמען פון שטעטל | צאָל אויסגעפאָרשטע באפעלקערונג |
|---|---|---|
| 1 | אָסווייע . . . . . . . . | 1094 |
| 2 | דריסע . . . . . . . . | 1370 |
| 3 | קאָרמע . . . . . . . . | 1122 |
| 4 | קראסנאָפּאָליע . . . . . . . | 2272 |
| 5 | לאפּיטש . . . . . . . . | 582 |
| 6 | נאראָוולע . . . . . . . . | 1708 |
| 7 | פּאָדאָבריאנקע . . . . . . . | 915 |
| 8 | סענע . . . . . . . . | 2612 |
| 9 | סמילאָוויטש . . . . . . . | 2357 |
| 10 | טוראָוו . . . . . . . . | 5067 |
| 11 | אוזדע . . . . . . . . | 2078 |
| 12 | טשערווען . . . . . . . | 2834 |
| 13 | טשאשניק . . . . . . . | 1384 |
| | סאכאקל . . | 25.395 [1] |

צי קענען מיר זיין זיכער, אז אונדזער אויספאָרשונג האָט ארומגעכאפּט א גענוגנדיקע צאָל מענטשן ביכלאל און אין יעדן שטעטל ביפּראט? ס'איז איבעריק צו דערקלערן, אפּ וויפל דאָס איז וויכטיק אף צו באשטימען די וואָג פון אונדזער אויספאָרשונג. גראָד איינצייטיק מיט אונדזער אויספאָרשונג איז פאָרגעקומען אין אלע שטאָטישע און שטעטלדיקע פּונקטן די א. ג. באזאָרגונג-ציילונג פון 1931 יאָר. מיר האָבן דעריבער געהאט א מעגלעכקייט צו פארגלייכן אונדזערע רעזולטאטן מיט די רעזולטאטן פון דער ציילונג אין אלע אויסגעפאָרשטע פּונקטן. ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן באטרעפט די גאנצע באפעלקערונג אין די 13 אויסגעפאָרשטע שטעטלעך לויט דער באזאָרגונג-ציילונג פון 1931—31.816 מאנ. אזוי ארום האָט אונדזער אויספאָרשונג ארומגעכפּט 79,8%

[1]) בא די ווייטערדיקע אויסרעכענונגען אָריענטירן מיר זיך מערסטנטייל אף דער צאָל באפעלקערונג, וואָס איז ארומגעכאפּט דורך דער אויספאָרשונג—23.668 מ. דאָ גייט אריין די באפעלקערונג פון 12 שטעטלעך (אויסגעשלאָסן טשאשניק, ווו אונדזער אויספאָרשונג האָט ארומגעכאפּט נאָר עטוואָס מער ווי א העלפט פון דער באפעלקערונג, און וועלכע גיט דעריבער ניט קיין מעגלעכקייט אויסניצן דעם מאטעריאל פאר אלגעמיינע אויספירן). מיר האָבן אויך אראָפּגערעכנט א געוויסע צאָל קארטלעך, וועלכע ס'האָט זיך ארויסגעוויזן פאר ניט מעגלעך אויסצוניצן צוליב טעכנישע סיבעס.

פון דער גאנצער באפעלקערונג. אויב מיר וועלן נעמען אין אכט, אז די באַזאָרגונג-ציילונג פון 1931 האָט ארומגעכאפט אי די שטענדיקע באפעלקערונג, אי די ארמיי, און אז אונדזער אויספאָרשונג האָט ארומגעכאפט נאָר די שטענדיקע באפעלקערונג אליין, קאָנען מיר רעכענען, אז דער פאקטישער פראָצענט פון דער באפעלקערונג, וואָס מיר האָבן אויסגעפאָרשט, איז אינדערעמעסן גרעסער פארן אויבנאָנגעוויזענעם. מיר רעכענען דעריבער, אז סײַ די אלגעמיינע צאָל באפעלקערונג, וואָס אונדזער אויספאָרשונג האָט ארומגעכאפט, סײַ דער דורכשניטלעכער פראָצענט זײַנען גענוג מאָסגעבנדיק פאר אלגעמיינע אויספירן. פארשטייט זיך, אז באם באארבעטן די מאטעריאלן פון דעם אָדער יענעם שטעטל דארפן די דעפעקטן פון דער אויספאָרשונג גענומען ווערן אין אכט.

## 3. ענדערונגען אין דער צאָל פון דער באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך

אף דער פראגע וועגן דער צאָל באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך און אירע טענדענצן — אין ריכטונג פון וואקסן אָדער פארקלענערן זיך—גיט אונדז אן ענטפער די טאבעלע 2, אין וועלכער מיר ברענגען א פארגלײַכנדיקן מאטעריאל וועגן דער צאָל באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך לויט די ציילונגען פון די יאָרן 1897, 1923, 1926 און 1931 [1].

טאבעלע 2.

צאָל באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע 13 שטעטלעך לויט די ציילונגען פון 1897, 1923, 1926, 1931.

| נומ. | נאָמען פון שטעטל | 1897 | 1923 | 1926 | 1931 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 | אָסווייע | 2830 | 1716 | 1770 | 1820 |
| 2 | דריסע | 4238 | 2814 | 2550 | 2063 |
| 3 | קאָרמע | 1534 | 1477 | 1747 | 1863 |
| 4 | קראסנאָפאָליע | 3248 | 2645 | 2548 | 2762 |
| 5 | לאפיטש | 750 | 823 | 821 | 580 |
| 6 | נאראָוולע | 1145 | 2550 | 2513 | 2686 |
| 7 | פאָדאָבריאנקע | 1535 | 1062 | 1218 | 892 |
| 8 | סענאָ | 4100 | 4254 | 3493 | 2663 |
| 9 | סמילאָוויטש | 3133 | 3661 | 3196 | 2845 |
| 10 | טוראָוו | 4290 | 6217 | 5393 | 4657 |
| 11 | אוזדע | 2756 | 2375 | 2504 | 2469 |
| 12 | טשערווען | 4573 | 5388 | 4933 | 3966 |
| 13 | טשאשניק | 4590 | *2430 | 2971 | 2550 |
| | | 38.722 | 37.412 | 35.658 | 31.816 |
| | אין פראָצענטן | 100,0 | 96,6 | 92,1 | 82,2 |

[1] קעדיי ניט צונויפמישן, האלטן מיר פאר נייטיק אָנצוווײַזן, אז די באזאָרגונג-ציילונג פון 1931 פיגורירט בא אונדז אונטערן טערמין „ציילונג“, די ציילונג, וועלכע מיר האָבן דורכגעפירט — אונטערן טערמין „אויספאָרשונג“.

דידאָזיקע טאבעלע באווײַזט, אז אין אלע 13 שטעטלעך צוזאמען גענומען איז די באפעלקערונג קלענער געוואָרן פון 38.722 (1897) ביז 31.816 (1931); דערבײַ איז די טענדענץ צו פארקלענערונג ניט אין אלע ציילונג־פעריאָדן געגאנגען גלײַך.

פארן ציילונג־פעריאָד 1897 — 1923 איז די באפעלקערונג קלענער געוואָרן אין אלע 13 שטעטלעך אף 3,4%. מיר רעכענען אָבער, אז דער פּראָצענט פון פארקלענערונג וועט זיך באקומען ריכטיקער, ווען מיר וועלן אראָפּנעמען פון דער אלגעמיינער צאָל באפעלקערונג אי פארן 1897-טן יאָר, אי פארן 1923-טן די באפעלקערונג פון נאראָוולע. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין דעמדאָזיקן שטעטל ווײַזט אָן די ציילונג פון 1923 א וווקס אף 122,7%, וועלכער איז פּאָרגעקומען אף א ריין-אדמיניסטראטיוון אויפן — מע האָט אריַינגערעכנט אינעם שטעטל דעם נאָענטסטן דאָרפישן ייִשעוו. אראָפּנעמענדיק די באפעלקערונג פון נאראָוולע, באקומט זיך, אז דער דורכשניטלעכער פארקלענערונג־פּראָצענט פון דער באפעלקערונג פארן ציילונג־פעריאָד 1897 — 1923 איז געווען 7,2%.

פאר די ווײַטערדיקע ציילונג־פעריאָדן האָבן מיר פּאָלגנדיקע פּראָצענטן פון דער פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג פאר אלע 13 שטעטלעך צוזאמען גענומען: פארן פעריאָד 23—1926 — 4,7%; פארן פעריאָד 26—1931 — 10,8%. די סאמע האסטיקע פארקלענערונג-טעמפּן פון דער באפעלקערונג אין די אויסגעפּאָרשטע שטעטלעך פאלן אף דעם אויפן צונויף מיט די יאָרן 1926—1931, אין וועלכע עס גייען ארײַן צוויי יאָר פון אופשטעלונג-פעריאָד און 3 יאָר פון רעקאָנסטרוקציוון.

די טענדענץ פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג צו פארקלענערן זיך איז, אין אלגעמיין גענומען, ניט קיין נײַע. אנאליזירנדיק די רעזולטאטן פון דער ציילונג פון 1923 פאר 100 שטעטלדיקע ייִשווים פון ווסטר, האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אז אין 51 פּונקטן איז פּאָרגעקומען אן אבסאָליוטע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, פארגלײַכנדיק מיט דער ציילונג פון 1897, אין 49 פּונקטן — א פארגרעסערונג. גרופּירנדיק די אָנגעוויזענע 100 שטעטלדיקע ייִשווים אף „שטעטלעך" און „שטעטלעך פון דאָרפישן טיפּ", האָבן מיר אויסגעפונען, אז די גרעסערע שטעטלדיקע ייִשווים האָבן ארויסגעוויזן א שטארקערע טענדענץ צו פארקלענערן זיך, איידער די קלענערע: פון 46 שטעטלעך איז אין 20 די באפעלקערונג גרעסער געוואָרן, אין 26 — קלענער. פון די 54 שטעטלעך פון דאָרפישן טיפּ איז די באפעלקערונג גרעסער געוואָרן אין 31 פּונקטן, קלענער געוואָרן — אין 23. פון דעם דארפן מיר ניט מאכן קיין אויספיר, אז די גרעסערע שטעטלעך ביכלאל פארקלענערן זיך האסטיקער פאר די קלענערע. דאָ מוז גענומען ווערן אין אכט, אז אין דער פראגע פון דער פארקלענערונג פון דער צאָל באפעלקערונג אין די שטעטלעך זײַנען, פאראלעל מיט אלגעמיינע טענ־

דענצן, פאראן אינדיווידועלע, אָפּהענגיקע פון די באזונדערקייטן אין דער לאגע פון דעם אָדער יענעם שטעטל — עקאָנאָמישער טיפּ, סאָציאַלע און נאציאָנאלע פארטיילונג פון דער באפעלקערונג, נאָענטקייט פון א גרעסערן שטאָטישן צענטער א. א. וו.

וועלכע טענדענצן פאר די אָנגעצייכנטע דריי ציילונג-פעריאָדן ווייזן ארויס די אויסגעפאָרשטע 13 שטעטלעך? דאָ האָבן מיר פאָלגנדיקן בילד: צו דער ציילונג פון 1923 איז פאָרגעקומען, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, אן אלגעמיינע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, פארגלײַכנדיק מיטן 1897-טן יאָר, אף 7,2% (אראָפּגערעכנט נאראָוולע). דערבײַ איז אין א ריי פונקטן פאָרגעקומען א באטײַנדיקער וווּקס. אויב מיר וועלן אראָפּנעמען נאראָוולע קענען מיר אָנווײַזן 5 שטעטלעך, אין וועלכע עס איז פאָרגעקומען פאָלגנדיקער וווּקס פון דער באפעלקערונג:

אין טוראָוו . . . . . . אף 44,9%
„ סמילאָוויטש . . . . . „ 16,8%
„ טשערווען . . . . . „ 17,8%
„ לאפּיטש . . . . . . „ 9,7%
„ סענע. . . . . . . „ 3,7%

אין 7 שטעטלעך איז פאָרגעקומען א פארקלענערונג:

אין טשאשניק. . . . . . אף 47,1%
„ אָסווייע . . . . . „ 39,4%
„ דריסע . . . . . . „ 33,6%
„ פּאָדאָבריאנקע . . . . „ 30,8%
„ קראסנאָפּאָליע . . . . „ 19,6%
„ אוזדע. . . . . . . „ 13,8%
„ קאָרמע . . . . . . „ 3,7%

דאָס פאבריק-שטעטל טשאשניק האָט געגעבן די סאמע שטארקסטע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג — קימאט אף א העלפט; די סאמע ניט באדײַטנדיקע פארקלענערונג האָט געגעבן קאָרמע, א טיפּישער שטעטלדיקער „העק״, ווײַט פון אן אײַזנבאן.

די פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע 13 שטעטלעך פארן ציילונג-פעריאָד 23—1926 אף 4,7% האָט זיך אין באזונדערע פונקטן אויסגעדריקט אָט ווי אזוי. אין 5 שטעטלעך איז די באפעלקערוגג אויסגעוואקסן:

אין טשאשניק. . . . . . אף 22,3%
„ קאָרמע . . . . . . „ 18,3%
„ פּאָדאָבריאנקע . . . . „ 14,7%
„ אוזדע . . . . . . „ 5,4%
„ אָסווייע . . . . . „ 3,1%

אין 7 שטעטלעך איז די באפעלקערונג קלענער געוואָרן:

אין סענע . . . . . . אף 17,9%<br>
„ טוראָוו . . . . . . „ 13,3%<br>
„ סמילאָוויטש . . . . . „ 12,7%<br>
„ דריסע . . . . . . „ 9,4%<br>
„ טשערווען . . . . . „ 8,4%<br>
„ קראסנאָפּאָליע . . . . „ 3,6%<br>
„ נאראָוולע. . . . . . „ 1,5%

אין לאפּיטש, דעם קלענסטן פון די אויסגעפּאָרשטע פונקטן, איז די צאָל באפעלקערונג, לויט דער ציילונג פון 1923, געבליבן דיזעלביקע, וואָס אין 1897 (821 און 823).

פארגלייכנדיק די צאָל באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך פארן ערשטן און צווייטן ציילונג-פעריאָד, זעען מיר, אז אין צווייטן ציילונג-פעריאָד, וועלכער פאלט אינגאנצן צונויף מיט די נאָך-אָקטיאבערדיקע יאָרן, איז פאָרגעקומען א פארגרעסערונג פון דער באפעלקערונג גראָד אין די 5 פונקטן, ווו אין ערשטן ציילונג־פעריאָד איז פאָרגעקומען א פארקלענערונג; און פארקערט: פון 6 פונקטן, וועלכע האָבן ארויסגעוויזן א וווקס פון דער באפעלקערונג אין ערשטן ציילונג־פעריאָד, וואָס פאלט אין גרעסטן טייל צונויף מיט די פאר־אָקטיאבערדיקע יאָרן, האָבן 5 פונקטן ארויסגעוויזן א טענדענץ אף צו פארקלענערן זיך. דערדאָזיקער פאקט אליין איז דער בעסטער באווייז, אז מיר האָבן צו טאָן פארביידע פעריאָדן מיט אין גרונט פארשיידענע טענדענצן אין דעם וווקס פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג.

אין דריטן ציילונג־פעריאָד — 1926—1931, ווען די באפעלקערונג פון די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך איז קלענער געוואָרן אף 10,8%, האָבן זיך ארויסגעוויזן פאר די באזונדערע שטעטלעך פאָלגנדיקע ווייזערס: אין 4 שטעטלעך איז די באפעלקערונג גרעסער געוואָרן:

אין קראסנאָפּאָליע. . . . אף 8,4%<br>
„ נאראָוולע . . . . . . „ 6,9%<br>
„ קאָרמע. . . . . . . „ 6,6%<br>
„ אָסווייע . . . . . . „ 2,8%

אין די איבעריקע 9 פונקטן איז די באפעלקערונג קלענער געוואָרן:

אין לאפּיטש . . . . . . אף 29,4%<br>
„ פּאָדאָבריאנקע . . . . „ 26,8%<br>
„ סענע . . . . . . . „ 23,8%<br>
„ דריסע . . . . . . „ 19,1%<br>
„ טשערווען . . . . . „ 19,6%

אין טשאשניק . . . . אף 14,2%
„ טוראָוו . . . . . . „ 13,7%
„ סמילאָוויטש . . . „ 11,0%
„ אוזדע. . . . . . „ 1,4%

קעדיי צו גרינגער מאכן סײַ אלגעמיינע אויספירן, סײַ באזונדערע בענוי־גייע איינצלנע פונקטן, וועגן דעם וווּקס פון דער באפעלקערונג אין פארשיי־דענע ציילונג-פעריאָדן, גיבן מיר די אָנגעוויזענע ענדערונגען אין א באזונדע־רער טאבלע.

טאבעלע 3.

ענדערונגען אין דער צאָל פון דער באפעלקערונג אין די אויסגעפּאָרשטע 13 שטעטלעך פאר די ציילונג-פעריאָדן 1923—1897, 1926—1923 און 1931—1926 (אין פראָצענטן).

| נום. | נאָמען פון שטעטל | 1923—1897 | 1926—1923 | 1931—1926 |
|---|---|---|---|---|
| 1 | אָסווייע . . . . | — 39,4 | + 3,1 | + 2,8 |
| 2 | דריסע . . . . | — 33,6 | — 9,4 | — 19,1 |
| 3 | קאָרמע . . . . | — 3,7 | + 18,3 | + 6,6 |
| 4 | קראסנאָפּאָליע . . . . | — 13,6 | — 3,6 | + 8,4 |
| 5 | לאפיטש . . . . | + 9,7 | — | — 29,4 |
| 6 | נאראָוולע . . . . | + 122,7 | — 1,5 | + 6,9 |
| 7 | פּאָדאָבריאנקע . . . . | — 30,8 | + 14,7 | — 26,8 |
| 8 | סענע . . . . | + 3,7 | — 17,9 | — 23,8 |
| 9 | סמילאָוויטש . . . . | + 16,8 | — 12,7 | — 11,0 |
| 10. | טוראָוו . . . . | + 44,9 | — 13,3 | — 13,7 |
| 11 | אוזדע . . . . | — 13,8 | + 5,4 | — 1,4 |
| 12 | טשערווען . . . . | + 17,8 | — 8,4 | — 19,6 |
| 13 | טשאשניק . . . . | — 47,1 | + 22,3 | — 14,2 |
| | אין אלע 13 שטעטלעך . | — 3,4 | — 4,7 | — 10,8 |

פון דערדאָזיקער טאבעלע איז קאָנטיק, אז פאר די דרײַ ציילונג-פעריאָדן איז דער וווּקס פון דער באפעלקערונג אין באזונדערע ייִשוּוים געגאנגען ניט לויט א גלײַכער ליניע, נאָר לויט א קרומער. אין דעם גרעסטן טייל אויסגע־פאָרשטע שטעטלעך איז אין אייניקע פעריאָדן פאָרגעקומען א וווּקס, אין אנדערע — א פארקלענערונג.

די קאָלאָניזאטאָרישע פּאָליטיק פון דער צארישער רוסלאנד האָט אין ווײַס־רוסלאנד, פּונקט ווי אין אנדערע קאָלאָניעס, געשאפן אן „איבעריקע" באפעל־

קערונג. די דיפערענציִאציע פון פויערטום אין דאָרף און די אָפּגעשטאנענקייט
פון דער לאנדווירטשאפט האָט דערפירט צו א גרויסער אגרארער איבערבא־
פעלקערונג. מיר ווייסן, אז די געוועזענע גובערניִעס פון איצטיקן ו.ס.ס.ר.
האָבן געהערט צו די, וועלכע האָבן פארנומען פאר דער רעוואָליוציע די ערשטע
ערטער אין זין פון צושטעלן איבערוואנדערער-פויערים אין סיביר. א גרויסער
פראָצענט פויערים האָט עמיגרירט קיין אמעריקע. צווישן דעם ווײַסרוסישן
פויערטום איז געווען א גרויסער פראָצענט באטראקעס, וואָס איז ארויסגעקומען
פון דעם אָנערדיקן און ווינציק-ערדיקן פויערטום. אן אנאלאָגישע לאגע אין
פראט פון איבערבאפעלקערונג האָט זיך אויך אויסגעבילדעט אין שטעטל. די
עקאָנאָמיש-אָפּגעשטאנענע שטאָט פון ווײַסרוסלאנד מיט איר אָפּגעשטאנענער
אינדוסטריע האָט ניט ארויסגערוקט קיין גרויסע פאָדערונג אף ארבעט-הענט פון
אויסן, סײַ פון דאָרף, סײַ פון שטעטל. דער גרונט-טייל פון דער שטעטלדיקער
באפעלקערונג — די הענדלער, באלמעלאָכעס און סטאם „לופט-מענטשן”, וועלכע
האָבן געצויגן זייער יעניקע איבערהויפּט פון דער ארומיקער פויערשער בא-
פעלקערונג — האָט ביסלעכווײַז פארלאָרן זײַן עקאָנאָמישן באָדן אין פראָצעס
פון פאראָרעמונג פון דאָרף און פארשטארקטער סאָציִאלער דיפערענצירונג.
די פויפעריזאציע פון שטעטל איז געגענגען האנט בא האנט מיט דער פויפע-
ריזאציע פון דאָרף. פון דער אנדער זײַט, איז פאר דער יִדישער באפעלקע־
רונג פון שטעטל, וואָס האָט געבילדעט דעם הויפּט-טייל פון די אָנגעוויזענע
שיכטן לויט דעם נאציִאָנאלן באשטאנד, געווען פארמאכט דער וועג פון אויס-
וואנדערונג אין די מער אינדוסטריִאליזירטע געגנטן פון דער צארישער רוס-
לאנד. עס דארף אויך גענומען ווערן אין אכט, אז פאר די יִדישע ארבעטנ-
דיקע איז געווען פארמאכט דער וועג צו א גאנצער ריי פראָפעסיִעס און
באשעפטיקונגען. דער איינציקער וועג פאר דער אויסוואנדערונג פון די „איבע-
ריקע” יִדישע ארבעט־הענט אין שטעטל איז געווען די אויסערלעכע עמיגרא־
ציע—אין די פאראייניקטע שטאטן, דאָרעם-אפריקע, ארגענטינע. די אויסוואנדערונג
פון שטעטל פאר דער רעוואָליוציע איז איינער פין די בעסטע באווײַזן, ווי די
קאָלאָניזאטאָרישע פאָליטיק בענויגייע ווײַסרוסלאנד און די ספּעציִעלע באגרע־
נעצונגען בענויגייע די יִדישע ארבעטנדיקע זײַנען געווען איינע מיט די אנדערע
אָרגאניש געבונדן.

גאָר אין אן אנדער פלאכײַט זײַנען געלעגן די אויסוואנדערונג-פראָצעסן
אין שטעטל נאָך דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

די אויסערלעכע עמיגראציע, וואָס האָט געשפּילט די הויפּט-ראָל אין דער אויס-
וואנדערונג פון שטעטל, איז קימאט אינגאנצן אפּגעפאלן. דעם ערשטן אָרט פאר-
נעמט די אינערלעכע אויסוואנדערונג. ס'זײַנען געפאלן די צאמען פון דער אונטער-
דריקערישער נאציִאָנאלער פאָליטיק, ס'איז ליקווידירט געוואָרן דער „טכום”—און
ס'איז פאָרגעקומען א גרויסע איבערוואנדערונג פון די שטעטלעך אין די גרעסערע

צענטערס, אין דער ערשטער ריי אין די גרעסערע צענטערס פון ר.ס.פ.ס.ר.— מאָסקווע און לענינגראד. אפן כעזשבן פון דער אינערלעכער אויסוואנדערונג פון געוועזענעם טכום, און אין א גרויסער מאָס אפן כעזשבן פון דער אויסוואנדערונג פון די שטעטלעך אין וו.ס.ס.ר. איז אויסגעוואקסן א גרויסע יידישע באפעלקערונג אין מאָסקווע און לענינגראד. דערדאָזיקער אויסוואנדערונגשטראָם איז געגאנגען אינגאנצן דורך זעלבסטפלוס. דעמדאָזיקן זעלבספלוס האָבן אויסגענוצט אין דער ערשטער ריי די מער טאקעפע, פארמעגלעכע עלעמענטן פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג — די רייכערע הענדלער, קוסטארעס א. א.

אין דערזעלביקער צייט האָט די פראָלעטארישע דיקטאטור ארויסגעשטויסן די עקספלואטאטאָרישע און פאראזיטישע עלעמענטן, וואָס האָבן פאר דער רעוואָליוציע געשפילט די ערשטע ראָלע אין שטעטל, פון זייערע סאָציאלע פאָזיציעס. דאָס זיינען — דער צארישער פאָליצייישער טשינאָווניק, דער פאָרעץ און זיינע מעקוראָווים, דער קולאק, דער פאראזיטישער הענדלער, דער עקספלואטאטאָרישער עלעמענט פון די קוסטארעס. א גרויסער טייל פון די עלעמענטן האָט געזוכט אף איינצואָרדענען זיך נייע ערטער, ווו מען קען זיי ניט.

וואָס עס איז שייך די ארבעטנדיקע און דער אָרעמקייט פון דער יידישער באפעלקערונג אין שטעטל — האָט די רעוואָליוציע גלייך פון אָנהייב אָן געעפנט פאר זיי דעם וועג אף פארנעמען זיך מיט ערדארבעט. די פראָלעטארישע מעלוכע האָט אפן גרונט פון דער לענינישער נאצפּאָליטיק אָנגענומען פארשיידענע מיטלען אף פראָדוקטיוויזירן די יידישע ארבעטנדיקע מאסן. שוין אין די ערשטע יאָרן פון אָקטיאבער-רעוואָליוציע זיינען צוגעקומען א פאָר צענדליק טויזנט יידישע פויערים. צווישן זיי זיינען אריינגעפאלן אסאך געוועזענע הענדלער און קלייקוידעש. דער פראָצעס פון דער אגראריזאציע אין יענע יאָרן איז געגאנגען מערסטנטייל דורך „זעלבסטפלוס”. אויך דאָס האָט געהאט א ווירקונג אף דער ארקלענערונג פון דער יידישער באפעלקערונג אין די שטעטלעך.

גאָר אן אנדער בילד באקומט די אויסוואנדערונג פאר די לעצטע יאָרן פון אופשטעלונג-פעריאָד און אין די ערשטע יאָרן פון רעקאָנסטרוקטיוון. פאראלעל מיט די אויבנאָנגעוויזענע מאָמענטן הייבט זיך אָן אלץ שטארקער פילן דער פלאנירנדיקער און רעגולירנדיקער קויעך פון דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט. ס'ווערט פאָרגעזעצט די איינאָרדענונג פון דער ארבעטנדיקער יידישער באפעלקערונג אף ערד — און דאָס רופט ארויס א געוויסע אויסוואנדערונג אין די קאָלווירטן ארום שטעטל, אף די פאָנדן, אין קרים, אין ביראָבידזשאן. ס'וואקסט מיט שנעלע טעמפן אונדזער סאָציאליסטישע אינדוסטריע — און די יידישע ארבעטנדיקע יוגנט ווערט אף אן אָרגאניזירטן אויפן געשיקט אין די גרויסע אונטערנעמונגען פון וו.ס.ס.ר., אין מאגניטאָגאָרסק, אוראל, אין די פאבריקזאוואָדישע שולן. אויסער דער פלאנירטער אגרארער און אינדוסטריעלער איבערוואנדערונג קומט פאָר אין דערזעלביקער צייט גאנץ אינטענסיוו דער

אויסוואנדערונג-פראָצעס דורך „זעלבסטפלוס" — ער קומט שוין אָבער פאָר אין אן אנדער ריכטונג. די וואקסנדיקע סאָציאַליסטישע אינדוסטריע פון וו.ס.ס.ר. ציט ארײַן אין זיך גרויסע מאסן ארבעטער — די אינערלעכע אויסוואנדערונג בלײַבט אין א גרויסן פראָצענט אין די אינדוסטריִעלע צענטערס פון וו.ס.ס.ר.

פאראלעל מיט די אלע פראָצעסן, וואָס האָבן געווירקט אף דער אויסוואנדערונג פון די שטעטלעך, קומט פאָר, אדאנק די מאָסמיטלען פון דער ראטנמאכט אף אײַנאָרדענען ווירטשאפטלעך די שטעטלעך און אף דעם געביט פון געווערבקאָאָפּעראציע אין דער ערשטער ריי, דער פראָצעס פון ראציאָנעל אויסניצן אפן אָרט די נייטיקע ארבעטקראפט. ס׳וואקסן און פארברייטערן זיך די ארטעלן, דער קוסטאר ווערט אלץ מער ארײַנגעצויגן אין סאָציאַליסטישן און קאָאָפּעראטיוון סעקטאָר, עס וואקסט זײַן עקאָנאָמישער וווילשטאנד — און דאָס האלט אפּ אין א גרויסער מאָס די אויסוואנדערונג פון די ארבעטנדיקע אין שטעטל.

די אלע אויסגערעכנטע מאָמענטן דארפן גענומען ווערן אין אכט באם באטראכטן די פראָצעסן פון וווּקס און פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג אין שטעטל און אירע ווײַטערדיקע טענדענצן.

איבערגייענדיק צו דער פראגע וועגן דעם וווּקס און פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג אין באזונדערע ייִשובים, דארפן מיר אָנווײַזן, אז אונדזער מאטעריִאל קאָן ניט דינען אף אויספירן באשטימטע ג ע ז ע צ ן פאר פארשיידענע טיפן שטעטלעך. צוליב דער אָבוועזנהײַט פון א פעסטגעשטעלטער טיפּיזאציע און צוליב דער קליינער צאָל שטעטלעך, וואָס קאָנען אונטערפאלן אונטער דעם אָדער יענעם טיפ, וואָלט געווען זייער אײַליק צו מאכן ברייטע פאראלגעמיינערונגען. מיר האלטן דעריבער, אז אונדזערע ווײַטערדיקע אָנווײַזונגען קאָנען דינען נאָר אלס מאטעריִאל אף צו באשטימען די אייגנשאפטן פון דעם צי יענעם שטעטל באזונדער.

די טאבעלע 3 באווײַזט, אז אין די דרײַ געוועזענע אויעזדנע צענטערס — דריסע, טשערווען און סענע גייט אין די לעצטע ציילונג-פעריִאָדן די צאָל באפעלקערונג אין איין באשטימטער ריכטונג — זי האלט זיך אין איין פארקלענערן, ד. ה. פון דידאָזיקע פונקטן קומט פאָר א פארשטארקטע אויסוואנדערונג. אויב אפילע אין סענע באווײַזט די ציילונג פון 1923-טן יאָר אין פארגלײַך מיט 1897 י. א וווּקס אף 3,7%, איז דער וווּקס, נעמענדיק אין אכט די 27 יאָר פון ערשטן ציילונג-פעריִאָד, אזא ניט קיין באדײַטנדיקער, אז די עמיגראציע האָט אים קימאט אינגאנצן אײַנגעשלונגען.

די פארשטארקטע אויסוואנדערונג פון דידאָזיקע דרײַ פונקטן קאָן גרינג דערקלערט ווערן מיט די אייגנשאפטן פון סאָציאַלן באשטאנד פון דער באפעלקערונג פאר דער רעוואָליוציע אין די אדמיניסטראטיווע אויעזדנע צענטערס. דאָ איז א באדײַטנדיקער טייל באפעלקערונג באשטאנען פון פארשיי-

דענע „נאטשאלסטווע״ — גרעסערע און קלענערע טשינאָווניקעס, פארשיידענע „מעקוראָווים״, וועלכע האָבן זיך „געריבן״ ארום זיי, פארשיידענע צושטעלער פון כאבאר צווישן די קרעמער, עקספּלואטאטאָרישע עלעמענטן קוסטארעס א. א.

מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס נאָך דער רעוואָליוציע האָט א גרויסער טייל פון די אָנגעוויזענע עלעמענטן פון דער באפעלקערונג געמוזט זוכן פאר זיך נייַע ערטער, ווו מע קען זיי ניט, און האָט אויסגעוואנדערט פון שטאָט.

די שטעטלעך, וועלכע זייַנען אויסגעוואקסן פארן צייַלונג-פעריאָד 1926—1931, שטעלן מיט זיך פאָר לויט זייער סאָציאלן באשטאנד פאָלגנדיקן בילד (די יעדיעס נעמען מיר פארן 1926-טן יאָר):

1. אין אָסווייע, א שטעטל, וואָס גייט ארייַן אין צאָל פון די אייַנגעאָרדנטע, איז די גרעסטע טייל פון דער באפעלקערונג (52 פראָצ.)[1] — פויערים, ד. ה. מיר האָבן פאר זיך אן אויסגעשפראָכענעם לאנדווירטשאפטלעכן שטעטל.

2. אין נאראָוולע האָבן מיר א באדייַטנדיקן פראָצענט ארבעטער (12 פראָצ.) און 44 פראָצ. פויערים — אן אייגנארטיקע פארייניקונג פון א פאבריק-שטעטל מיט א לאנדווירטשאפטלעכער.

3. אין קראסנאָפּאָליע באשטייט די גרעסטע העלפט באפעלקערונג פון פויערים (30 פראָצ.) און האנטווערקער (26 פראָצ.); דאָס שטעטל איז שטענדיק געווען ווייַט פון אן אייַזנבאן און פון א גרעסערן שטאָטישן צענטער.

4. קימאט דעמזעלביקן בילד, וואָס קראסנאָפּאָליע, שטעלט מיט זיך פאָר קאָרמע — אויך א פארוואָרפן שטעטל, ווייַט פון אן אייַזנבאן און א גרעסערן שטאָטישן צענטער; די גרעסטע העלפט פון דער באפעלקערונג זייַנען האנטווערקער (34 פראָצ.) און פויערים (20 פראָצ.). דער אונטערשייד צווישן ביידע שטעטלעך איז דער, וואָס אין קראסנאָפּאָליע שטייען אפן ערשטן אָרט די פויערים, אפן צווייטן — די האנטווערקער, און אין קאָרמע איז פארקערט.

אויב מיר זאָלן נעמען אין אכט, אז אין דידאָזיקע שטעטלעך איז פאקטיש דער וווּקס ניט העכער פארן נאטירלעכן, דארפן מיר זאָגן, אז אין די אויסגערעכנטע 4 פונקטן איז פאָרגעקומען ניט קיין מעכאנישער צוּוווּקס, נאָר אן אָפּהאלטונג פון דער אויסוואנדערונג, און דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די ניט פּראָדוקטיווע טייל פון דער באפעלקערונג האָט אויסגעוואנדערט פריִער, און אפן אָרט איז געבליבן דער מער שטאנדהאפטיקער פּראָדוקטיווער עלעמענט — פויערים און האנטווערקער.

אין די איבעריקע 9 שטעטלעך, ווי מיר האָבן פריִער אָנגעוויזן, איז פאָרגעקומען א באדייַטנדיקע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג. דער פאקט, וואָס אין דעם גרעסטן טייל פון אונדזערע 13 שטעטלעך קומט פאָר א פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, אנטשפּרעכט אינגאנצן דער אלגעמיינער טענ-

[1] די פּראָצענטן זייַנען אויסגערעכנט בענויגייע דער זעלבסטעטיקער באפעלקערונג.

דענק. די ציילונג פון 1931 גיט אָן פאר 55 שטעטלעך פון ווססר 18 שטעטלעך (1/3), אין וועלכע די באפעלקערונג איז אויסגעוואקסן, און 37 (2/3), אין וועלכע די באפעלקערונג איז קלענער געוואָרן, פארגלייַכנדיק מיטן 1926-טן יאָר.

אין די צוויי קוסטארן-שטעטלעך — סמילאָוויטש און פּאָדאָבריאנקע האָבן מיר אזא בילד. איןביידע שטעטלעך איז פאָרגעקומען א פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, אין סמילאָוויטש אָבער איז זי קימאט אין 2½ מאָל שוואַכער, ווי אין פּאָדאָבראנקע (11—און 26,8—). ווען מיר קוקן זיך צו צום סאָציאַלן באשטאנד פון דער באפעלקערונג פארן 1926-טן יאָר אין דידאָזיקע צוויי פונקטן, זעען מיר: 1) אין פּאָדאָבראנקע איז געווען 10% ארבעטער, 47% האנטווערקער, בא 15% הענדלער און נאָר 2% פויערים; דערצו איז דער פּראָפעסיאָנעלער באשטאנד פון די האנטווערקער געווען אן איינארטיקער — דעם גרעסטן טייל האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די שוסטער, 2) אין סמילאָוויטש איז בא 14% ארבעטער, 24% האנטווערקער, בא 10% הענדלער און 31% פויערים. א גרויסע ראָל האָט דאָ געשפילט דער פאקט, וואָס אין סמילאָוויטש האָט די געווערב-קאָאָפּעראציע ארייַנגעצויגן אין די ארטעלן א גרויסע טייל קוסטארעס, וואָס ארבעטן אף ניט-דעפיציטן רוישטאָף.

ווען מיר קוקן זיך צו צו אזא גרויסן פונקט, ווי טוראָוו, זעען מיר, אז די לעצטע יאָרן קומט אין אים פאָר א באדייַטנדיקע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, האָבנדיק אין דערזעלביקער צייַט א גרויסן פּראָצענט פויערים (69 פּראָצ.). אין אזא ייִשעוו, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר אין טאָך א גרויסן דאָרף, קומט פאָר אין א שטארקערער מאָס, ווי אין אנדערע „דאָרפישע" שטעטלעך, די אויסוואנדערונג פון דאָרף אין שטאָט. אין דעמזעלביקן טוראָוו האָבן מיר אויך א קליינע צאָל האנטווערקער — אינגאנצן 10,5%.

אין דעם פאבריק-שטעטל טשאשניק, ניט געקוקט אף דעם, וואָס עס פארמאָגט א גרויסע פאבריק (פּאפּיר־פאבריק „רויטער שטערן"), קומט דאָך פאָר א פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג. אף דערדאָזיקער פּאפּיר-פאבריק זייַנען דערהויפּט געווען פארנומען ארבעטער פון די ארומיקע דערפער, וואָס האָבן ניט פארלאָרן זייער פארבינדונג מיטן דאָרף. די שטעטלדיקע באפעלקערונג איז געווען פאָרגעשטעלט צווישן די פאבריק-ארבעטער אין זייער א קליינער צאָל.

די אלע פאקטן באווייַזן, אז צו דער פראגע וועגן דער פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג אין באזונדערע ייִשוּווים דארף מען צוגיין ניט מיט אן אלגעמיינער מאָס, נאָר אינדיווידועל. אין דערזעלביקער צייַט קאָנען מיר קומען אָבער צו אן אלגעמיינעם אויספיר, אז אין די יאָרן פון רעקאָנסטרוקציע איז פאָרגעקומען א פארשטארקטער פּראָצעס פון אויסוואנדערונג, אדאנק וועלכער ס'איז פאָרגעקומען א באדייַטנדיקע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג אין דער גרעסטער טייל שטעטלעך. די אינערלעכע אויסוואנדערונג פון דער גאנצער באפעלקערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין רעקאָנסטרוקציע־פּעריאָד, האָט זיך

אַרויסגעוויזן אַסאַך שטאַרקער פאַר די פּראָצעסן פון אויסערלעכער און אינער-לעכער אויסוואַנדערונג, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין די שטעטלעך פון ווססר פאַר דער רעוואָליוציע און אין די ערשטע יאָרן נאָך איר.

## 4. נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך.

די צאָל באַפעלקערונג פון 23.668 מ. אין 12 אויסגעפאָרשטע שטעטלעך ווערט לויט דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פאַרטיילט אָט ווי:

| נאַציאָנאַליטעט | צאָל | פּראָצ. |
|---|---|---|
| ווײַסרוסן . . . | 10.731 | 45,3 |
| ייִדן . . . | 11.722 | 49,5 |
| רוסן . . . | 215 | 0,9 |
| פּאָליאַקן . . . | 352 | 1,5 |
| אוקרײַנער . . . | 71 | 0,3 |
| טאָטערן . . . | 470 | 2,0 (אין סמילאָוויטש און אוזדע) |
| אנדערע . . . | 107 | 0,5 |
| סאַכאַקלען . . | 23.668 | 100 |

דידאָזיקע טאַבעלע באַווײַזט, אַז די ייִדישע באַפעלקערונג פאַרנעמט אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך דעם גרעסטן אָרט — 49,5 פּראָצ. זי בילדעט אָבער אין דערזעלביקער צײַט שוין ניט די גרעסטע העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, ווי דאָס איז געווען פריער. די ווײַסרוסן בילדן 45,3 פּראָצענט. די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן זײַנען, סײַ אַבסאָליוט, סײַ רעלאַטיוו פאָרגעשטעלט אין קליינע צאָלן. קלאָר, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט באַשטימטע איבערוקן אינעם סצפּעציפישן געוויכט פון דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט אין באַשטאַנד פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג. אין וואָס פאַר אַ ריכטונג עס גייען אָט די איבערוקן באַווײַזט פאָלגנדיקע טאַבעלע 4, אין וועלכער עס זײַנען אָנגעגעבן פאַרגלײַכנדיקע יעדיעס וועגן דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין 12 שטעטלעך לויט דער ציילונג פון 1926 און לויט אונדזער אויספאָרשונג (די ציילונג פון 1931 יאָר האָט ניט דיסקאָנטירט דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד):

טאבעלע 4.

דער נאציאָנאלער באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין 12 שטעטלעך לויט דער ציילונג פון 1926 און לויט אונדזער אויספאָרשונג

| נאציאָנאליטעט | 1926 | | 1931 | |
|---|---|---|---|---|
| | אבסאָל. | פראָצ. | אבסאָל. | פראָצ. |
| ווײַסרוסן | 12.360 | 37,8 | 10.731 | 45,3 |
| יידן | 17.476 | 53,5 | 11.722 | 49,5 |
| רוסן | 1.331 | 4,1 | 215 | 0,9 |
| פּאָליאקן | 555 | 1,7 | 352 | 1,5 |
| אוקראַינער | 144 | 0,4 | 71 | 0,3 |
| אנדערע | 808 | 2,5 | 577 | 2,5 |
| סאכאקל | 32.674 | 100 | 23.668 | 100 |

די פריער אָנגעוויזענע אַלגעמיינע פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג אין די שטעטלעך איז ניט בא אלע נאציאָנאליטעטן פאָרגעקומען אין איינער און דערזעלביקער מאָס. די גרעסטע פארקלענערונג איז פאָרגעקומען בא די רוסן. אין ספעציפישן געוויכט האָט זיך די רוסישע נאציאָנאליטעט איבערגערוקט פון 4,1 אף 0,9. אויב אפילע מיר זאָלן נעמען אין אכט, אז אונדזער אויספאָרשונג האָט ניט ארײַנגענומען א טייל פון דער רוסישער באפעלקערונג (מיליטערלײַט), וועלכע איז אײַנגעשלאָסן אין דער ציילונג פון 1926-טן — איז אָבער אין דערזעלביקער צײַט קלאָר, אז צווישן דער שטענדיקער באפעלקערונג בילדן באם איצטיקן טאָג די רוסן אי אבסאָליוט, אי רעלאַטיוו זייער א קליינע צאָל. דאָ דארף אויך גענומען ווערן אין אכט, אז אין די פאררעוואָליוציאָנערע ציילונגען איז צוליב די קאָלאָניזאטאָרישע צילן פון דער צארישער רעגירונג די צאָל רוסן געווען אופגעבלאָזן.

בא די פּאָליאקן האָט זיך זייער ספעציפישער געוויכט איבערגערוקט ניט אף א באדײַטנדיקער צאָל — פון 1,7 אף 1,5. דאָסזעלביקע בילד באמערקן מיר אויך צווישן דער גרופּע „אנדערע” (צווישן וועלכע דעם ערשטן אָרט פארנעמען די טאָטערן, וואָס זײַנען פאָרגעשטעלט אין באדײַטנדיקע גרופּעס אין צוויי פון די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך—סמילאָוויטש און אוזדע) — פון 2,5 אף 2,4. די אוקראַינער זײַנען פאָרגעשטעלט אין זייער קליינע צאָלן און בילדן ניט אין קיין שטעטל קיין באדײַטנדיקע גרופּע.

פון שטאנדפּונקט פון באשטימען די אנטוויקלונג־טענדענץ פון שטעטל אין זין פון נאציאָנאלן באשטאנד איז וויכטיקער פון אלץ אָפּצייכענען די איבערוקן

בא די גרונט־נאַציָאנאַליטעטן, וועלכע פאַרנעמען אין שטעטל דעם גרעסטן אָרט—די ווײַסרוסן און די ייִדן. דאָ ווײַזן זיך ארויס פּאָלגנדיקע ענדערונגען: דער ספּעציפישער געוויכט פון די ווײַסרוסן האָט זיך איבערגערוקט אין דער ריכטונג פון ווּקס — פון 37,8 אַף 45,3; פון דער ייִדישער באַפעלקערונג — אין דער ריכטונג פון פאַרקלענערונג — פון 53,5 אַף 49,5. דידאָזיקע טענדענץ האָט זיך איבערגעבראָכן ניט אין אַלע שטעטלעך אין איינער און דערזעלביקער מאָס. אין אייניקע שטעטלעך איז בא דער אַבסאָליוטער פאַרקלענערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן זייער ספּעציפישער געוויכט: אין סמילאָוויטש—פון 54,7 ביז 58,9, אין קאָרמע—פון 71,4 ביז 74,8; פאַרהעלטניס־מעסיק איז אין דידאָזיקע פונקטן געפאַלן דער ספּעציפישער געוויכט פון דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג.

די פאַרקלענערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און דער ווּקס פון דער ווײַסרוסישער לאָזט זיך דערהויפּט מערקן אין די דרײַ געוועזענע אויעזדנע שטעט (דריסע, טשערווען, סעננע) און אין טוראָוו, קראַסנאָפּאָליע, נאַראָוולע. אַסאַך שוואַכער פילט זיך דאָס אין פּאָדאָבראַנקע און לאַפּיטש, ווו די ייִדישע באַפעלקערונג איז פאָרגעשטעלט אין זייער גרויסע פּראָצענטן: אין פּאַדאַבראַנקע — 92,5 אין 1926 און 90,9 אין 1931, אין לאַפּיטש פאַר די זעלביקע יאָרן — 86,4 און 84,2.

די טענדענצן פון איבערוקן דעם ספּעציפישן געוויכט אין דעם נאַציָנאַלן באַשטאַנד פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג אַפן פּאָן פון דער אַלגעמיינער פאַרקלענערונג פון דער צאָל באַפעלקערונג אין די שטעטלעך, אַלס רעזולטאַט פון דער אינדוסטריִאַליזאַציע, לאָזן זיך דערקלערן מיט די אייגנשאַפטן פון סאָציִאַלן באַשטאַנד פון דער אָדער יענער נאַציָאַנאַליטעט אין שטעטל פאַר דער רעוואָליוציע.

די צאַרישע מאַכט איז געווען פאַרינטערעסירט אין איר קאָלאָניזאַטאָרישער פּאָליטיק, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן פריִער, סטאַטיסטיש אויפבלאָזן די רוסישע באַפעלקערונג, צורעכענענדיק א גרויסן טייל פון דער אָרטיקער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג פאַר רוסן און דערמיט פאַרשמירן דעם עמעסן נאַציָאָנאַלן באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין ווײַסרוסלאַנד. דיזעלביקע דערשײַנונג זעען מיר אויך איצטער אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד, ווו די פאַשיסטישע פּוילישע רעגירונג רעכנט צו צו דער פּוילישער באַפעלקערונג אַלע ווײַסרוסן־קאַטאָליקן. צוליב רוסיפיקאַטאָרישע צילן האָט די צאַרישע רעגירונג אוועקגעזעצט אין מעלוכישן אַפּאַראַט פון שטעטל אירע טשינאָווניקעס רוסן, וועלכע זאָלן קענען דורכפירן די רוסיפיקאַטאָרישע פּאָליטיק אין ווײַסרוסלאַנד. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס א באַדײַטנדיקער טייל פון דער רוסישער באַפעלקערונג אין שטעטל האָט זיך סטאַטיסטיש פאַרקלענערט און דער טשינאָווניקישער עלעמענט פון געוועזענעם צאַרישן מעלוכע־אַפּאַראַט איז ארויסגעשטויסן געוואָרן.

דאָסזעלביקע איז אויך מיט געוויסע שיכטן פון די שטעטלדיקע פּאָליאַקן וואָס האָבן געהערט צו די פּריצישע עלעמענטן פון און ארום שטעטל אָדער זײַנען געשטאַנען נאָענט צו זיי.

די ייִדן און די ווײַסרוסן זײַנען אין סאָציאַלן זינען געווען פארשיידנאַרטיק פארטיילט. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ווי די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע איבערוקן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע האָבן געווירקט אף די אויסוואַנדערונג-פּראָצעסן פון שטעטל. אף וויפל די ייִדן און די ווײַסרוסן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די גרעסטע מערהײַט פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג, איז קלאָר, אז די איבערוקן האָבן זיך איבערהויפּט געלאָזט פילן בא די ביידע נאַציאָנאַליטעטן. די הענדלער, די רײַכערע און טאַקיפערע, די עקספּלואַטאַטאָרישע עלעמענטן פון די קוסטאַרעס האָבן אין גרעסטן טייל פארלאָזן דאָס שטעטל אין אָנהייב פון נעפּ און איבערגעפאָרן אין די גרעסערע צענטערס, דערהויפּט פון רספּסר. מיט דער דערקלערט זיך, וואָס אין די גרעסערע שטעטלדיקע ייִשוּווים פון די אויסגעפאָרשטע, ווו ס'זײַנען פארהעלטנישמעסיק געווען פיל הענדלערישע און פארמיטלערישע עלעמענטן, איז פאָרגעקומען א באַדײַטנדיקערע פארקלענערונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

דאָס פויערטום, וואָס האָט געבילדעט אין שטעטל די באַדײַטנדיקסטע מערהײַט פון דער ווײַסרוסישער באַפעלקערונג, האָט אין די לעצטע יאָרן און איבערהויפּט פון רעקאָנסטרוקטיון פּעריאָד אָנגעהויבן אדאַנק דער פארשטאַרקטער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאַציע פון פארבאַנד און ספּעציעל פון ווססר איבערפאָרן אין די גרעסערע אינדוסטריעלע צענטערס (געני — קאַפּיטל 9).

קאָנסטאַטירנדיק די פארקלענערונג פון דער צאָל באַפעלקערונג אין שטעטל, ווי אַן אלגעמיינע דערשײַנונג, האָבן מיר אויך אנאַליזירט די אָפּשפּיגלונג פון דערדאָזיקער דערשײַנונג בא פארשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און סאָציאַלע גרופּן. קלאָר, אז דידאָזיקע טענדענצן שטעלן מיט זיך פאָר א נאַטירלעכן פּאָזישיון פויעל-יויצע פון די סאָציאַלע איבערוקן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, פון די מאָסמיטלען פון דער פּארטיי און ראַטנמאַכט אף ארײַנציִען די ארבעטנדיקע און אָרעמקײַט אין דער גרויס-אינדוסטריע, אין דער קאָלעקטיוויזירטער לאַנדווירטשאַפט. דאָס אַלץ איז דער בעסטער באַווײַז, אז אלע פּרוּוון צו „פארהיטן דעם ספּציפישן געוויכט" פון דער צי יענער נאַציאָנאַליטעט טראָגן א רעכט-אָפּאָרטוניסטישן, נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער.

## 5. געשלעכטלעכער באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך.

דער געשלעכטלעכער באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע 12 שטעטלעך איז פאָלגנדיקער:

טאבעלע 5.

געשלעכטלעכער באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין די 12 שטעט-לעך לויט אונדזער אויספאָרשונג.

| נומ. | נאָמען פון שטעטל | מאנסביל | פרויען |
|---|---|---|---|
| 1 | אָסווייע . . . . | 520 | 574 |
| 2 | דריסע . . . . | 611 | 759 |
| 3 | קאָרמע [1] . . . . | 462 | 460 |
| 4 | קראסנאָפּאָליע . . . | 1056 | 1216 |
| 5 | לאפּיטש . . . . | 278 | 304 |
| 6 | נאראָוולע . . . . | 797 | 911 |
| 7 | פּאָדאָבראנקע . . . | 433 | 482 |
| 8 | סענע . . . . | 1151 | 1461 |
| 9 | סמילאָוויטש [2] . . . | 1027 | 1194 |
| 10 | טוראָוו . . . . | 2503 | 2564 |
| 11 | אוזדע . . . . | 990 | 1088 |
| 12 | טשערווען . . . . | 1321 | 1513 |
| | סאכאקל . . | 11149 | 12526 |

דער אַלגעמיינער געשלעכטלעכער קאָעפיציענט (צאָל פרויען אף יעדע 100 מענער) איז 112,35 — א קאָעפיציענט, וואָס איז טיפּיש פאר יישווים, פון וועלכע עס גייט אן אויסוואנדערונג. ווען מיר פארגלייכן דעם געשלעכטלעכן קאָעפיציענט אין אלע 12 שטעטלעך פאר די יאָרן פון די ציילונגען (1897, 1923 און 1926) מיטן קאָעפיציענט פון אונדזער אויספאָרשונג, באקומען מיר פאָלגנדיקן בילד:

| יאָר | צאָל מענער | צאָל פרויען | געשלעכט. קאָעפ. |
|---|---|---|---|
| 1897 | 16.432 | 17.700 | 107,72 |
| 1923 | 17.100 | 17.882 | 104,57 |
| 1926 | 15.840 | 16.846 | 106,35 |
| 1931 | 11.149 | 12.526 | 112,35 |

1) 200 מ. זיינען ניט איינגעשלאָסן — פגל. ז. 9.
2) 136 מ. זיינען ניט איינגעשלאָסן — פגל. ז. 9.

די האסטיקײַט פון דער אויסוואנדערונג פון שטעטל האָט פארשטארקט, און גאנץ באדײַטנדיק, דעם וווּקס פון געשלעכטלעכן קאָעפיציִענט. די ניט גלײַכ־מאָסיקע פארטיילונג פון די געשלעכטן צווישן דער פאראנענער באפעלקערונג באווײַזט, אז אין אלגעמיין גענומען איז בא דער ארויסגעפּאָרענער באפעלקע־רונג געווען דידאָזיקע פארטיילונג א פארקערטע, ד. ה., אז די מאנסביל זײַנען אקטיווער ארײַנגעצויגן געוואָרן אין דער אינדוסטריִאליזאציע איידער די פרויען.

ווי איז פארטײלט דער געשלעכטלעכער באשטאנד פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג בא פארשיידענע נאציאָנאליטעטן? פון די מאטעריִאלן, וואָס מיר פארמאָגן וועגן דער זעלבסטעטיקער און ניט זעלבסטעטיקער באפעלקערונג אין די אויסגעפּאָרשטע שטעטלעך לויטן נאציאָנאלן און געשלעכטלעכן באשטאנד, באקומען מיר אָט וואָס:

| | ווײַסרוסן | ייִדן | אינגאנצן [1] |
|---|---|---|---|
| מענער זעלבסטעטיקע . . . . | 2.745 | 2.799 | 5.885 |
| „ ניט־זעלבסטעטיקע . . . . | 2.235 | 2.421 | 4.889 |
| פרויען זעלבסטעטיקע . . . . | 2.201 | 1.149 | 3.574 |
| „ ניט־זעלבסטעטיקע . . . . | 3.029 | 4.789 | 8.464 |

דאָ זעען מיר עטלעכע „שערעלעך“ אין פארשיידענע ריכטונגען. ערשטנס— די באציונג צווישן די זעלבסטעטיקע און ניט זעלבסטעקיקע בא מענער און פרויען ביכלאל, אומאָפּהענגיק פון נאציאָנאליטעט. אין דער צײַט, ווען בא מענער איז דער קאָעפיציִענט זעלבסטעטיקע (צאָל זעלבסטעטיקע אף 100 ניט־זעלבסטעטיקע) — 120,4, איז בא די פרויען דערזעלביקער קאָעפיציִענט אינ־גאנצן 43,2 — קימאט אין דרײַען א קלענערער. צווייטנס, איז פאראן אן אונ־טערשייד אין די קאָעפיציִענטן זעלבסטעטיקײַט צווישן מאנצביל און פרויען בא ייִדן און ווײַסרוסן. בא מאנצביל ייִדן און ווײַסרוסן באמערקט זיך אן אונ־טערשייד אין דעם קאָעפיציִענט: 122,8 צווישן ווײַסרוסן און 115,6 צווישן ייִדן; זייער א שטארקער אונטערשייד איז אין דעם קאָעפיציִענט זעלבסטעטיקײַט צווושן די פרויען: בא די ווײַסרוסישע פרויען איז דער קאָעפיציִענט זעלבסטע־טיקע 72,6, בא די ייִדישע — אינגאנצן 24,0, ד. ה. אין דרײַען א קלענערער.

די לעצטע „שערעלעך“ זײַנען גענוג בולעטע און ריידן אליין פאר זיך אפילע גענומען אין אלגעמיין. נאָך בולעטער ווײַזן זיי זיך ארויס אין איינצלנע שטעטלעך. אין טשערווען איז בא די ווײַסרוסן די צאָל זעלבסטעטיקע און ניט זעלבסטעטיקע פרויען 320 און 561, בא ייִדן 96 און 410; אין סענע: בא די

[1] דאָ זײַנען אײַנגעשלאָסן אלע נאציאָנאליטעטן.

וויַיסרוסן — 148 און 321, בא ייִדן 49 און 303; אין קראסנאָפּאָליע: בא די וויַיסרוסן 188 און 307, בא ייִדן 122 און 586; אין דעם קלײנעם שטעטל לאפּיטש האָבן מיר: בא די וויַיסרוסן 9 און 36, בא ייִדן 24 און 228. דאָס באוויַיזט, אז אינדערציַיט, ווען בא דעם אלגעמיינעם דורכשניט זיַינען די צאָל זעלבסטעטיקע פּרויען בא ייִדן 4 מאָל קלענער פאר דער צאָל ניט־זעלבסטעטיקע, זיַינען פאראן אזעלכע שטעטלעך, ווו דערדאָזיקער אונטערשייד באטרעפט העכער פון 6 און אפילע פון 9 מאָל (סענע און לאפּיטש). העכער פארן דורכשניט איז דידאָזיקע פארהעלטעניש אויך אין טמילאָוויטש, פּאָדאָבראנקע, קאָרמע, דריסע; נידעריקער פארן דורכשניט איז די פארהעלטעניש צווישן זעלבסטעטיקע און ניט-זעלבסטעטיקע ייִדישע פּרויען אין דער פאבריק-שטעטל נאראָוולע, אין טוראָוו (אין וועלכער עס קומט פאָר א פארשטארקטע בויונג), אין אָסווייע [1].

דער פאקט פון א שוואכן אריַינציִען די שטעטלדיקע ארבעטנדיקע פרוי ביכלאל און ספּעציִעל די ייִדישע ארבעטנדיקע פרוי אין דער פּראָדוקציע וויַיזט אָן, אז אין דעם פּראט איז ווינציק געטאָן געוואָרן, אז דאָ איז פאָרגעקומען א זעלבסטפלוס, וועלכער האָט דערפירט צו דעם, צו וואָס עס דערפירט יעדער זעלבסטפלוס — צו אָפּאָרטוניזם אין דער פּראקטיק. ס'איז קלאָר, אז באם איצטיקן מאָמענט, ווען די פראגע פון ריכטיק און ראציִאָנעל אָרגאניזירן די ארבעט-רעסורסן איז איינע פון די קארדינאלסטע אין אונדזער סאָציִאליסטישער בויונג, מוז מען לייגן דעם גרעסטן אכט אף דעמדאָזיקן פארלאָזענעם געביט. די פראגע פון אריַינציִען די ארבעטנדיקע פרוי אין דער פּראָדוקציע פאָדערט אין דער־זעלביקער ציַיט א ריי מאָסמיטלען פון שטייגערישן כאראקטער, וועלכע זאָלן פארגרינגערן און פארשנעלערן דעמדאָזיקן פּראָצעס (יאסלעס, קינדער-גערטענער, געזעלשאפטלעכע קיכן), וועלכע זיַינען נאָך אָבער דערוויַיל אין שטעטל ניט אוועקגעשטעלט אף דער געהעריקער הייך און געפינען זיך אין ניט קיין גענוגנדיקער צאָל. אף דעם דארפן זיך ערנסט פארטראכטן סיַי די אָרגאנען, וועלכע

[1] דאָ איז ניט דער אָרט אָפּצושטעלן זיך אף דער מעטאָדאָלאָגישער פראגע, וואָס דער פּרינציפּ פון זעלבסטעטיקייַט אין סטאטיסטיק איז ניט איינער און דערזעלביקער בא דער לאנדווירטשאפטלעכער און ניט-לאנדווירטשאפטלעכער באפעלקערונג, וואָס עס ברענגט צו געוויסע פארקריפּלונגען אין אויסרעכענען די צאָל זעלבסטעטיקע און בעמיילע שוין ניט־זעלבסטעטיקע. מיר רעכענען, אז דער פאקט פון ניט גענוגנדיקן אריַינציִען די שטעטלדיקע ארבעטנדיקע פרוי אין דער פּראָדוקציע איז גענוג קלאָר פון די געבראכטע ציפער און פאָדערט די גרעסטע אופמערקזאמקייַט. נאָך מער: אף וויפל, אדאנק דער פארשיידנארטיקייַט פון אָנעמען די זעלבסטעטיקייַט פון דער לאנדווירטשאפטלעכער און ניט-לאנדווירטשאפטלעכער באפעלקערונג, ווערט אופגעבלאָזן די צאָל זעלבסטעטיקע אין דער לאנדווירטשאפט, קאָן מען פון דעם מאכן נאָר איין אויספיר, אז בא דער ראציִאָנעלער אָרגאניזאציע פון דער לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט אין די באדינגונגען פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, וועלן די ארבעט־רעסורסן פון דער פויערישער באפעלקערונג אין שטעטל קאָנען אָרגאניזירט ווערן אף א מער ראציִאָנעלן אויפן.

האָבן צו טאָן מיט אָרגאַניזירן די ארבעט-רעסורסן, סײַ די אָרגאַנען, אין וועמעס פליכט עס גייט אַרײַן פארבעסערן דעם לעבנשטייגער פון די ארבעטנדיקע.

## 6. דער עלטער-באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך

די פּראָבלעם פון ריכטיק און ראַציאָנעל אָרגאַניזירן די ארבעט-רעסורסן איז ענג פארבונדן מיט דעם עלטער-באשטאנד פון דער באפעלקערונג, ווי אזוי זי איז פארטיילט אין ארבעטספייִקן, האלבארבעטספייִקן און ניט-ארבעטספייִקן עלטער. ווי זעט אויס אין דער הינזיכט די באפעלקערונג פון די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך? אויף דעם גיט אן ענטפער די טאבעלע 6.

טאבעלע 6.

ווי איז פארטיילט די באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע 12 שטעטלעך לויטן עלטער און נאציאָנאלן באשטאנד.

| נאציאָנאליטעט | עלטער-גרופּעס | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | ביז 18 י. | 18—24 | 25—29 | 30—39 | 40—49 | 50—59 | 60 און העכער |
| ווײַסרוסן — אבס. | 4.520 | 1.337 | 931 | 1.338 | 940 | 715 | 950 |
| „ — פראָצ. | 42,1 | 12,4 | 8,7 | 12,5 | 8,7 | 6,7 | 8,9 |
| ייִדן — אבס. | 4.683 | 1.091 | 804 | 1.374 | 1.118 | 1.030 | 1.622 |
| „ — פראָצ. | 39,8 | 9,3 | 6,9 | 11,7 | 9,6 | 8,9 | 13,8 |
| רוסן — אבס. | 66 | 27 | 35 | 52 | 10 | 11 | 14 |
| „ — פראָצ. | 30,7 | 12,6 | 16,3 | 24,2 | 4,6 | 5,1 | 6,5 |
| פאָליאַקן — אבס. | 128 | 48 | 35 | 35 | 42 | 27 | 37 |
| „ — פראָצ. | 36,4 | 13,7 | 9,9 | 9,9 | 11,9 | 7,7 | 10,5 |
| אוקראַיִנער — אבס. | 26 | 7 | 17 | 7 | 8 | 2 | 4 |
| „ — פראָצ. | 36,6 | 9,9 | 23,9 | 9,9 | 11,3 | 2,8 | 5,6 |
| אנדערע — אבס. | 255 | 62 | 45 | 68 | 46 | 50 | 51 |
| „ — פראָצ. | 44,2 | 10,7 | 7,9 | 11,8 | 7,9 | 8,7 | 8,8 |
| סאַכאַקל — אבס. | 9.678 | 2.672 | 1.867 | 2.874 | 2.164 | 1.835 | 2.678 |
| „ — פראָצ. | 40,9 | 11,0 | 8,0 | 12,2 | 9,1 | 7,6 | 11,2 |

דאָס בילד פון דעם עלטער-באשטאנד איז כאראקטעריסטיש פאר ייִשוּווים, פון וועלכע עס גייט אן אויסוואנדערונג. דער סאמע ארבעטספייִקער עלטער (פון 18 ביז 50 יאָר) איז ניט נאָר ניט גרעסער, ווי דאָס קומט פאָר אין די אינדוסטריִעלע צענטערס, נאָר אפילו קלענער פארן עלטער 0—17; אין דער-

זעלֿביקער צײַט איז זייער גרויס דער פּראָצענט פון די ווינציקער ארבעטספייִקע און גאָרניט ארבעטספייִקע עלֿטער־גרופּעס (פון 50—60 און העכער)—18,8 פּראָצ.

די ניט גלײַכמאָסיקע פארטיילונג פון דער פארקלֿענערונג פון דער באפעלֿ-קערונג אין שטעטל בא פארשיידענע נאציִאָנאליטעטן האָט געמוזט ברענגען צו א פארשיידענער פארטיילֿונג פון די עלֿטער-גרופּעס בא זיי. דאָ איז איבער־הויפּט וויכטיק צו פארגלײַכן די עלטער-גרופּעס בא די ווײַסרוסן און יידן.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| די עלטער-גרופּע | 0—18 | באטרעפט בא די ווײַסרוסן— | 42,1% | בא ייִדן— | 39,8% |
| „ „ „ | 18—24 | „ „ „ „ | 12,4%— | „ „ | 9,3%— |
| „ „ „ | 25—39 | „ „ „ „ | 21,2%— | „ „ | 18,6%— |
| „ „ „ | 40—49 | „ „ „ „ | 8,7%— | „ „ | 9,6%— |
| „ „ „ | 50—59 | „ „ „ „ | 6,7%— | „ „ | 8,9%— |
| „ „ „ | 60 און העכער | „ „ „ | 8,9%— | „ „ | 13,8%— |

דאָס בילד באקומט זיך אזא: דער סאמע ארבעטספייִקער עלטער איז בא ייִדן פאָרגעשטעלֿט רעלאטיוו קלענער, ווי בא די ווײַסרוסן; וואָס מער מיר דערנעענטערן זיך צו די עלטערע, ווינציקער ארבעטספייִקע גרופּעס, ווערט זייער פּראָצענט בא ייִדן גרעסער, ווי בא ווײַסרוסן. קלאָר, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט טיפּישע רעזולטאטן פון אויסוואנדערונג און פון פארשיידענעם איבערברוך פון דערדאָזיקער דערשײַנונג בא פארשיידענע נאציִאָנאליטעטן.

אף וויפל די פאוי־טיילֿונג פונעם עלֿטער-באשטאנד איז ענג פארבונדן מיט די פּראָצעסן פון אויסוואנדערונג, איז קלֿאָר, אז די שטריכן, וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט, זײַנען בוילֿעטער אין אָט די פּונקטן, ווו די אויסוואנדערונג האָט אָנגענומען מער האסטיקע פאָרמעס. די יוגנט פאָרט אריבער אין די גרע-סערע צענטערס, ווו זי ווערט ארײַנגעצויגן אין דער אינדוסטריע—דאָס איז א דערשײַנונג, וואָס ווארפט זיך אין די אויגן יעדערן.

## 7. זעלבסטעטיקע און ניט זעלבסטעטיקע באפעלקערונג. סאָציִאלער און פּראָפעסיִאָנאלער באשטאנד.

אין קאפּיטל 5, אין וועלכן מיר האָבן אנאליזירט דעם געשלעכטלעכן בא־שטאנד פון דער שטעטלדיקער באפעלֿקערונג, האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אף דער פארטיילונג פון דער זעלבסטעטיקער און ניט זעלֿבסטעטיקער באפעלקערונג בא ביידע געשלעכטן—בא די ייִדן און ווײַסרוסן. מיר האָבן געזען, אז דער קאָעפיציִענט זעלבסטעטיקײַט שיידט זיך אונטער בא מאנצביל־ייִדן און בא מאנצביל־ווײַסרוסן; בא פרויען איז דער קאָעפיציִענט זעלבסטעטיקײַט אין אלֿגעמיין א קלענערער ווי בא מאנסביל; בא ייִדישע פרויען—אסאך א קלע־נערער, ווי בא ווײַסרוסישע.

פון די יעדיעס, וואָס מיר פארמאָגן וועגן 22.627 מענטשן, קאָנען מיר פעסטשטעלן, אז אין דערדאָזיקער צאָל גייען אריין 9.348 זעלבסטעטיקע און 13.279 ניט־זעלבסטעטיקע — ד. ה., אז די באציִונג צווישן די זעלבסטעטיקע און ניט־זעלבסטעטיקע איז ווי 100:142. בא דער ווייסרוסישער באפעלקערונג באטרעפט דידאָזיקע פארהעלטעניש ווי 100:107, בא דער יִדישער ווי 100:173. דער אונטערשייד איז דאָ א גאנץ באדייטנדיקער. מיר האָבן זיך שוין פריער איבערצייגט, אז דערדאָזיקער אונטערשייד איז א רעזולטאט פון דער ניט פראָפאָרציאָנעלער צעטיילונג פון זעלבסטעטיקע און ניט־זעלבסטעטיקע צווישן יִדישע און ווייסרוסישע פרויען.

ווען מיר פארגלייכן די אָנגעוויזענע פארהעלטעניש בא דער יִדישער באפעלקערונג (צווישן זעלבסטעטיקע און ניט־זעלבסטעטיקע) מיט דער ענלעכער פארהעלטעניש פון פאר דער רעוואָליוציִע, זעען מיר, אז דאָ איז פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. לויט דער ציילונג פון 1897־טן יאָר האָט די פארהעלטעניש צווישן זעלבסטעטיקע און ניט־זעלבסטעטיקע בא דער יִדישער באפעלקערונג באטראָפן ווי 100:231.

די פארצייכנטע ענדערונג און דער וווּקס פון צאָל זעלבסטעטיקע איז איינער פון די בעסטע באווייזן, אין וואָס פאר א ריכטונג די אָקטיאבער־רעוואָליוציִע האָט געפירט די סאָציאַלע ענדערונגען אין דער יִדישער סוויווע. די סאָציאַליסטישע בויונג האָט פארגרעסערט די צאָל זעלבסטעטיקע ביכלאל — אין דעמדאָזיקן פראָצעס זיינען אויך ארייננעצויגן געוואָרן די יִדישע ארבעטנדיקע פון שטעטל.

דער וווּקס פון זעלבסטעטיקע בא דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג איז זייער באדייטנדיק, פארגלייכנדיק מיט דער ציילונג פון 1926־טן יאָר.

לויט דער ציילונג פון 1926 האָט דער פראָצענט זעלבסטעטיקע (12.684) בא דער גאנצער באפעלקערונג אין די 12 שטעטלעך (32.736) באטראָפן 38,7, אין אונדזער אויספאָרשונג באטרעפט ער 41,3. אויב מיר זאָלן נעמען אין אכט, אז בא דער אלגעמיינער פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג איז פאָרגעקומען א פארגרעסערונג פון ספעציפישן געוויכט פון די ווינציק־ארבעטפייִקע עלטער־גרופעס, איז קלאָר, אז בא די ארבעטספייִקע עלטער־גרופעס איז דער פראָצענט זעלבסטעטיקע א גרעסערער, ווי דער אָנגעוויזענער.

ניט אין אן ערעך בוילעטער לאָזן זיך פילן די ענדערונגען, וואָס זיינען ארייננעטראָגן געוואָרן דורך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע אין דעם סאָציאַלן באשטאנד פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג. דידאָזיקע ענדערונגען זיינען זייער בוילעטע, סיי פארגלייכנדיק מיט 1897־טן יאָר, סיי פארגלייכנדיק מיטן אופשטעלונג פעריִאָד.

די ציילונג פון 1897־טן יאָר גיט אונדז פאָלגנדיקע סאָציאַלע פארטיילונג פון דער יִדישער באפעלקערונג:

| | |
|---|---|
| אין לאנדווירטשאפט | 3,55 |
| „ געווערב | 35,43 |
| „ האנדל | 38,65 |
| פריוואטע אָנגעשטעלטע, הויז-ארבעטער, טאָגארבעטער | 6,61 |
| מעלוכע-געזעלש. שטעלעס, פרײַע פּראָפעסיִעס | 5,22 |
| טראנספּאָרט און פארבינדונג | 3,98 |
| ניט־פּראָדוקטיווע און אומבאשטימטע פּראָפ. | 5,49 |
| אין מיליטער | 1,07 |
| סאכאַקל | 100% |

אזא סאָציִאלער באשטאנד איז געווען אין 1897-טן יאָר בא דער יִדישער באפעלקערונג אין גאנץ רוסלאנד. ס'איז אָן סאָפעק, אז בא דער שטעטלדיקער באפעלקערונג ספּעציִעל איז דערדאָזיקער סאָציִאלער באשטאנד געווען אין אלגעמיין דערזעלביקער.

וועלכע ענדערונגען האָט ארײַנגעטראָגן אין דעם סאָציִאלן באשטאנד פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג און ספּעציִעל פון דער יִדישער די אָקטיאבער-רעוואָליוציִע?

די ציילונג פון 1926 גיט אונדז פאָלגנדיקן בילד פון סאָציִאלן באשטאנד פון דער זעלבסטעטיקער יִדישער באפעלקערונג אין ווססר:

| | |
|---|---|
| ארבעטער | 16,7% |
| פויערים | 13,1% |
| קוסטארעס | 26,4% |
| אָנגעשטעלטע | 17,0% |
| מיליטערלײַט | 1,1% |
| הענדלער | 10,2% |
| פרײַע פּראָפעסיִעס | 0,7% |
| ארבעטלאָזיקע | 7,0% |
| אנדערע | 7,8% |

ס'איז גענוג צו געבן אן אויבנופיקן קוק אף ביידע טאבעלעס און ס'ווערן גלײַך קלאָר די סאָציִאלע ענדערונגען, וואָס די אָקטיאבער-רעוואָליוציִע האָט ארײַנגעטראָגן צווישן דער יִדישער באפעלקערונג אין וו.ס.ס.ר. פון קימאט 40 פּראָצענט הענדלער איז געוואָרן 10,2; פון 35 פּראָצ. קוסטארעס איז געוואָרן 26,4; דערפאר זײַנען אויסגעוואקסן צוויי סאָציִאלע גרופּעס, וואָס האָבן

ביז דער רעוואָליוציע פאַרנומען גאָר א קליינעם אָרט. דאָס זיינען ארבעטער, וואָס בילדן א זעקסטל פון דער זעלבסטעטיקער באפעלקערונג, און פויערים, וואָס בילדן קימאט א זיבעטל.

דער אָנגעוויזענער סאָציאַלער צוזאמענשטעל איז אָבער געווען ניט גלייכ-מאָסיק פארטיילט צווישן שטאָט און שטעטל. אזוי, לעמאָשל, האָט דער פראָ-צענט ארבעטער באטראָפן צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג אין די שטעט—19,3, אין די שטעטלעך—6,8; דער פראָצענט קוסטארעס אין די שטעט 23,9, אין די שטעטלעך—35,4; הענדלער אין די שטעט 11,1, אין די שטעטלעך 6,6. זייער גרויס איז געווען דער פראָצענט ארבעטלאָזיקע צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג. אין דער צייט, ווען בא דער גאנצער שטאָטישער באפעלקערונג האָט דער פראָצענט ארבעטלאָזיקע אָנגעטראָפן 5,7 און ספּעציעל בא דער ווייסרוסישער באפעלקערונג 4,7, האָט ער בא דער ייִדישער באפעלקערונג אָנגעטראָפן 8,3. איבערהויפּט איז געווען שטארק די ארבעטלאָזיקייט צווישן דער שטעטלדיקער יוגנט. אף דעם איז אָנגעוויזן געוואָרן אין א ריי אָפיציעלע דאָקומענטן און אין ארויסטרעטונגען פון יענער צייט.

ווי זשע איז די לאגע אין שטעטל בא איצטיקן טאָג? ווען מיר פארגלייכן די יעדיעס וועגן סאָציאַלן צוזאמענשטעל אין די אויסגעפאָרשטע 12 שטעטלעך לויט דער ציילונג פון 1926 און לויט אונדזער אויספאָרשונג — באקומען מיר פאָלגנדיקן בילד. אין 1926 איז אין די אויסגעפאָרשטע 12 שטעטלעך געווען:

| | |
|---|---|
| ארבעטער | 10,7% |
| אָנגעשטעלטע | 15,4% |
| פויערים | 35,7% |
| קוסטארעס | 21,6% |
| הענדלער | 8,5% |
| פרייע פּראָפעסיעס | 0,6% |
| פּענסיאָנערן | 1,4% |
| ארבעטלאָזיקע | 2,8% |
| אנדערע | 3,3% |

ווי זעט אויס דער סאָציאַלער באשטאנד פון די אויסגעפאָרשטע 12 שטעט-לעך לויט אונדזער אויספאָרשונג?

דער פּראָצענט ארבעטער איז אויסגעוואקסן פון 10,7 אף 13,7 — רעלאטיוו 28 פּראָצ.

דער פּראָצענט אָנגעשטעלטע איז אויסגעוואקסן פון 15,4 אף 20,3 — רעלא-טיוו 31,8 פּראָצ.

דער פּראָצענט פויערים איז קלענער געוואָרן פון 35,7 פּראָצ ביז26,1—רע-לאטיוו 26,9 פּראָצ.

דער פּראָצענט קוסטאַרעס איז קלענער געוואָרן פון 21,6 פּראָצ. ביז 20—רעלאַטיוו 7,4 פּראָצ.

דער פּראָצענט הענדלער איז דערפירט געוואָרן ביז 0 — אַלס קאַטעגאָריע פיגורירט ניט.

די קאַטעגאָריע אַרבעטלאָזיקע פיגורירט ניט—ליקווידירט די אַרבעטלאָזיקייט.

די צאָל פּענסיאָנערן איז אויסגעוואַקסן פון 1,4 ביז 3.

אָט ווי ס'זעט אויס דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג לויט אונדזער אויספאָרשונג.

א באַזונדערע בוילעטקייט באַקומט דער מאַטעריאַל וועגן די סאָציאַלע ענדערונגען אין דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג פון וססר און איר צושטאַנד באַם איצטיקן טאָג, פאַרגלייכנדיק מיט דער לאַגע פון שטעטל אין מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד. אין דעם בוך „אויף די כורוועס פון מילכאָמעס און מעהומעס", וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך א גרופּע, וואָס האָט נאָך גאָר ניט לאַנג גערעדט וועגן „אונטערגאַנג פון רוסישן יידנטום", וועגן „אַן איבעריקן מיליאָן יידן אין ראַטן־רוסלאַנד". אין דעמדאָזיקן בוך געפינען מיר א גענויעם מאַטעריאַל וועגן דער לאַגע פון די שטעטלעך אין ווילנער און נאַוואַרעדאָקער געגנט:

„אויף יעסאָד פון די אויבנגעבראַכטע 50 באַריכטן וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון אונדזערע שטעטלעך מוז מען קומען צום טרויעריקן באַשלוס, אַז די קליינע יידישע שטעטל אין ווילנער געגנט געפינט זיך אין זייער א שוואַכן עקאָנאָמישן מאַצעוו, זי הענגט ווירטשאַפטלעך צווישן לעבן און טויט, אירע אײַנוווינער פירן א ביטערן קאַמף פאַרן עלעמענטאַרסטן קיום בא אויסערסט שווערע באַדינגונגען און אָן פּערספּעקטיוון אויף בעסערס אין דער נאָענטסטער צוקונפט (ז. 502).

אויב מיר וועלן נאָך דערצו צוגעבן, אַז די אויספאָרשונגען פון די שטעטלעך אין ווילנער געגנט זײַנען פאָרגעקומען אין די יאָרן 1929-1928, אַז די אויספירן זײַנען געמאַכט געוואָרן אין אָנהייב 1930-אָן יאָר, ווען דער קריזיס אין פאַשיסטישן פּוילן אויפן פאָן פון אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם האָט זיך געפונען אין די ערשטע סטאַדיעס — קען מען זיך שוין פאָרשטעלן די לאַגע פון דידאָזיקע שטעטלעך באַם איצטיקן טאָג, ווען דער קריזיס האַלט אין איין שטײַגן.

וואָסערע סאָציאַלע ענדערונגען זײַנען פאָרגעקומען אין שטעטל פון ווילנער געגנט פאַר די לעצטע יאָרן? מיר וועלן ברענגען פון דעם דערמאָנטן בוך אייניקע פאַקטן און ציפער.

טורמאָנט, בראַסלאַווער קרײַז — 100 פאַמיליעס, 40 יידישע. „די הויפּטבאַשעפטיקונג פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג איז שווער פעסטצושטעלן. קעדיי צו קענען לעבן, מוז מען זיך דאָ פאַרנעמען מיט עטלעכע פאַרנאָסעס

מיטאמאָל. דער היגער קרעמער איז גלײַכצײַטיק אויך א שנײַדער, בעקער, קאצעוו אָדער קלײנהענדער. די, וואָס האָבן מער ניט ווי איין באשעפטיקונג, זײַנען זייער געדריקט" (ז. 473).

דאָווגעלישעק, סווענציאַנער קרײַז — 350 נעפאשעס, 175 ייִדן. „עקאָנאָמיש איז די שטעטל פולשטענדיק צערויִנירט. גאנצע 75 פראָצענט פון דער ייִדישער באפעלקערונג זײַנען לויטער אָרעמעלײַט, וועלכע קעמפן ביטער פאר זייער טאָג-טעגלעכן ברויט" (ז. 462).

„ניטאָ קיין אנדערע פארנאָסעס, גייען אונטער די פריערדיקע, קומען ניט אוף קיין נײַע — עפנט מען אלץ קרעמלעך, איינע אף די אנדערע. דער איבער-פלוס איז גרויס אפילע דאן, ווען פיל קרעמלעך זײַנען געצוווּנגען צו פארמאכן זיך צוליב מאנגל אין לייזונג און דאָס לעבן איז עלנט און ביטער" (ז. 503).

און אָט איז עטלעכע ציפער, וואָס איליוסטרירן דעם וווּקס פון די קרעמער אין שטעטל.

לעבעדאָווע, מאָלאָדעטשנער קרײַז — 400 פאמיליעס, 200 ייִדישע—80 קראָמען — 1 קראָם אף 5 פאמיליִעס (25 נעפאשעס).

פאָדבערעזע, ווילנער קאנט — 100 פאמיליִעס, 35 ייִדישע — 19 קראָמען, 17 ייִדישע. 1 קראָם אף 5 פאמ. (25 נעפ.)

דעווענישעק, אָשמענער קרײַז—250 פאמ., 140 ייִדישע—60 ייִדישע קראָמען. בא 4 פאמ. (20—21 נעפ.) אף 1 קראָם.

איגנאלינע, סווענציאַנער קר. — 250 פאמ. 150 ייִדישע — 70 קרעמער און קליינהענדלער—$3\frac{1}{2}$ פאמ. (17-18 נעפ.) אף איין קראָם.

ווידז, בראסלאווער קר.—450 פאמ., 230 ייִדישע — 120 קרעמער (איבער 50 פראָצ. ייִדישע באפעלקערונג)—$3\frac{3}{4}$ פאמ. (18-19 נעפאשעס) אף 1 קראָם.

די געבראכטע פאקטן און ציפערן ריידן אליין פאר זיך און נייטיקן זיך ניט אין קאָמענטאריִעס. זיי באווײַזן, אז די ענדערונגען אין סאָציִאלן באשטאנד פון דער ייִדישער באפעלקערונג אונטערן יאָך פון פאשיסטישן פוילן קאָן גיין נאָר אין איין ריכטונג — אין פארגרעסערן די פאראזיטישע עלעמענטן אפן פאָן פון אלגעמיינעם קריזיס און פאראָרעמונג פון דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. די פאשיסטישע פוילן זעצט פאָר אין דעם פראט די טראדיציִעס פון דער צאַ-רישער רוסלאנד.

בײַס מיר ריידן וועגן די ענדערונגען אין דעם סאָציִאלן באשטאנד פון דער ייִדישער באפעלקערונג פאר דער צײַט פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע און באזונדערס אין רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד, קענען מיר ניט פארבײַגיין די נײַע קוואליטעט פון די ארבעטנדיקע, וואָס מיר האָבן אין דעם מאָמענט פון אונדזער אויספאָרשונג.

די ענדערונגען אין סאָציִאַלן באשטאנד פון דער באפעלקערונג זיַינען פאָרגעקומען אף דער באזע פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג. מיר האָבן אף אזא אויפן דאָ צו טאָן ניט מיט אן ארבעטנדיקן, וועלכער ארבעט בא זיך אין ווארשטאט, אין זיַין פינצטערער, קאלטער און נאסער דירע, ווו דער שוסטער אָדער שניַידער ווארשטאט געפינט זיך הארט באם בעט, טיש און קיך. מיר האָבן דאָ שוין ניט צו טאָן מיט אזא ארבעטנדיקן, וועלכער ארבעט בא זיַין ווארשטאט אלס „זעלבשטענדיקער“ באלעבאָס, וואָס איז אָפּהענגיק אָן דעם קאפריז פון דעם פריוואטן באשטעלער אָדער הענדלער.

דער איצטיקער ארבעטנדיקער אין שטעטל איז אין זיַין גרעסטער מערהיַיט אָרגאניזירט אין פארגעזעלשאפטלעכטן סעקטאָר פון דער קוסטאר-אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט.

די העכער 13% ארבעטער, וואָס מיר האָבן אין שטעטל, ארבעטן אין די קאָמונאלע איַינריכטונגען, אין די מעלוכישע פאבריקן און אונטערנעמונגען. די 20,3% אָנגעשטעלטע ארבעטן אין די מעלוכישע, קאָאָפּעראטיווע און ווירטשאפטלעכע אָרגאנען און פאבריק-זאוואָדישע אונטערנעמונגען.

אין אייניקע שטעטלעך זיַינען איבער 60% פון דער באפעלקערונג ארײַנגעצויגן געוואָרן אין פארגעזעלשאפטלעכטן סעקטאָר פון דער פאָלק-ווירטשאפט.

דער וווקס פון פּראָצענט זעלבסטעטיקע באטיַיט אין דערזעלביקער ציַיט א וווקס פון מאטעריִעלער שטאנדהאפטיקיַיט פון די ארבעטנדיקע. עס איז אן אָפּטע דערשיַינונג צו באגעגענען אין א פאמיליע עטלעכע איַינגעאָרדנטע מיטגלידער. אין פּאָדאבראנקע, לעמאָשל, האָט די אויספאָרשונג פעסטגעשטעלט א ריי פאמיליִעס, וואָס פארדינען צו 300 רובל א כוידעש און מער. ענלעכע פאקטן האָבן מיר אויך פארצייכנט אין סענע.

די נאָר וואָס געבראכטע ציפערן וועגן די ענדערונגען אין סאָציִאַלן באשטאנד פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג און ספּעציִעל פון דער יידישער, וויַיזנדיק פון איין זיַיט אף די גרויסע דערגרייכונגען אין דעם געביט, דארפן אין דערזעלביקער ציַיט דינען פאר אן אָנווײַזונג אף וויַיטערדיקער אָנגעשטרענגטער ארבעט. עס טאָר אין קיין שום פאל ניט געשאפן ווערן קיין דעמאָביליזירשטימונג. עס דארף געפירט ווערן א העפטיקער קאמף קעגן רעכטן אָפּאָרטוניזם, ווי די הויפּט געפאר אין איצטיקן מאָמענט, אין דערזעלביקער ציַיט מוז אויך באקעמפט ווערן די „לינק“-אָפּאָרטוניסטישע מיינונג און די שטימונג, וואָס שאפט זיך דורך דעם, אז „די ארבעט איז שוין פארענדיקט“.

מיר טרעפן אין שטעטל פאלן פון שטילן האנדל, ווי לעמאָשל, א „איזשדיווענעץ פון א זון אן ארבעטער“ באקומט סיסטעמאטיש און גאנץ לעגאל שפּיַיז-פעקלעך און „האנדלט מיט דעם אונטער“. אייניקע „האנדלען אונטער“ מיט סאמאהאָן. דאָס זיַינען שוין אָבער אלץ ניט מער ווי רעשטלעך פון דער צעשלאָגענער גרויסער הענדלער-ארמיי.

די ארבעטלאָזיקײַט איז ליקווידירט אין גאנצן פארבאנד — זי איז אויך ליקווידירט אין שטעטל. ד. ה. אָבער ניט, אז אלע אַרבעטנדיקע עלעמענטן זײַנען שוין פעסט אײַנגעאָרדנט. די „ליידיקגייערײַ", וואָס איז געווען כאראקטעריסטיש פאר דער מערהײַט שטעטלעך פון ווסטר נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, איז פארשוווּנדן. די בויונג, וואָס גייט אין און ארום שטעטל (צעגדליקער מאשין-טראקטאָרישע סטאנציִעס, צענדליקער פאבריקן אף באארבעטן ליין, דאָס דורכלייגן וועגן א. א. וו.) גיט ארבעט יעדערן; זי שאפט א נייטיקײַט אין א ריי צײַטווייליקע ארבעטן, איבערהויפּט אף צושטעלן פארשיידענע מאטעריאלן (געהילץ, שטיינער א. אנד.) — דאָס אלץ גיט די מעגלעכקײַט יעדערן אײַנאָרדענען זיך. דער, וואָס פארמאָגט באם איצטיקן טאָג אין שטעטל א פערד — און אזעלכע זײַנען פאראַן אפולע — פארדינט אין אלגעמיין ניט שלעכט.

ס'איז אָבער קלאָר, אז אזא אײַנאָרדענונג איז נאָך ניט קיין גענוגנדיקע. די ווײַטערדיקע פארשטארקונג פון אונדזער סאָציִאליסטישער ווירטשאפט וועט פאָדערן אלץ מער קוואליפיצירטע ארבעטער-קראפט, און וואָס עס לאָזט זיך אזוי שטארק פילן דער מאנגל אין גאנצן פארבאנד. צו דעם דארף מען דאָס שטעטל צוגרייטן — דאָ גייען מיר שוין צו צו דער פראגע וועגן שאפן קוואליפיצירטע קאדרען און איבערקוואליפיצירן די אלטע.

ווי שטייט די פראגע אין דעמדאָזיקן פראט?

דער פראָפעסיִאָנעלער באשטאנד פון די אויסגעפאָרשע 12 שטעטלעך באווײַזט, אז נאָך באם איצטיקן טאָג פארנעמען זיך די מערהײַט קוסטארעס מיט די אלטע „טראדיציִאָנעלע יידישע פראָפעסיִעס"—מיט שנײַדערײַ און שוסטערײַ. ס'איז קלאָר, אז אף וויפל בא אונדז אין ווסטר אנטוויקלט זיך די נײַ און שוך-אינדוסטריע אין קאָלאָסאלע פאבריקן, אויסגעשטאטע לויטן לעצטן וואָרט פון טעכניק, מוזן די פילצאָליקע שנײַדער און שוסטער אין די שטעטלעך פילן א מאנגל אין רוי-ווארג. אזא לאגע ברענגט צו אָפטע איבערײַסן אין דער ארבעט פון דידאָזיקע ארטעלן. אין דעם פאָריקן ווינטער זײַנען געווען אייניקע פאלן, ווען מיטגלידער פון ארטעל זײַנען פון איר ארויסגעגאנגען און צוריק געוואָרן „באלעבאטים-יעכידים". דער פארגעזעלשאפטלעכער סעקטאָר פון דער קוסטאר-אינדוסטריע האָט אָבער אף דער פראקטיק דערוויזן פאר די קוסטארעס-יעכידים די מײַלעס פון דעם פארגעזעלשאפטלעכן סעקטאָר לעגאבע דעם פריוואטן-סעקטאָר — די ערשט-ריינע פארזיכערונג מיט דעפיציטן רוימאטעריִאל, די אויסבעסערונג פון דער עקאָנאָמישער לאגע אין פארגלײַך מיטן קוסטאר-יאָכיד. די ארטעלן האָבן דעריבער ווידער ארײַנגעצויגן די ארויסגעגאנגענע אייניקע קוסטארן פון די ארטעלן. דער קוסטאר-יאכיד האָט זיך איבערצײַגט, אז זײַן אויסוועג איז אין דער סאָציִאליסטישער בויונג, און דער קוסטאר-ארטעל איז דער וועג וואָס ציט ארײַן דעם קוסטאר-יאָכיד אין דער סאָצבויונג.

אינדערזעלביקער צײַט, בא דער גרויסער צאָל שנײַדער און שוסטער אין די שטעטלעך, לאָזט זיך פילן א מאנגל אין אזעלכע ארבעטער, וועלכע זײַנען איבערהויפט נייטיק פאר אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

נאָך אין באשלוס פון 25 אפרעל 1928 „וועגן ווירטשאפטלעכער אײַנאָרדע-נונג פון די שטעטלעך” האָט אָנגעמערקט דער ראטפאָלקאָם פון ווססר, אז די מאָסמיטלען פון ווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פון די שטעטלעך גייען אין זייער א קלייִנער מאָס אף דער ליניע פון אָרטיקן רויווארג. מע דארף זאָגן, אז אין דעם פראט איז פון דאמאָלסט אָן זייער ווינציק געטאָן געוואָרן, אז די פראגע פון שאפן נײַע קוואליפיקאציִעס האָבן די געהעריקע אָרגאנען פראקטיש ניט געשטעלט.

די ספעציִאליזאציע פון לאנדווירטשאפטלעכע רײַאָנען, וועלכע ווערט פאָר-גענומען בא אונדז איצט אין ווססר, שטעלט גרויסע אופגאבעס אין זין פון שאפן נײַע קוואליפיצירטע קאדרען אף נײַע געביטן. א ספעציִאליזירטער לאנדווירטשאפטלעכער רײַאָן — דאָס הייסט ניט נאָר פארשטארקן די אָדער יענע צווײַג פון דער לאנדווירטשאפטלעכע ארבעט, דאָס הייסט אויך אין דער-זעלביקער צײַט אויסבילדן נײַע צווײַגן פון לאנדווירטשאפטלעכער אינדוסטריע: אין א ליין-רײַאָן גרויסע זאוואָדן אף באארבעטן ליין, אין א גאָרטן-און סאָד, רײַאָן — אונטערנעמונגען אף קאָנסערווירן גאָרטנווארג, פרוכט; אין א פיצוכט רײַאָן — פלייש פאבריקן א. א. וו. ס׳איז אויך אָנגעצייכנט א גרויסער פלאן פון וועג-בוי ארבעט אין ווססר, וואָס וועט איבערהויפט פארווירקלעכט ווערן דורך אָרטיקע רעסורסן — צעמענט, קלינקער, ציגל א. א. וו. דאָס וועט אויך פאָדערן נײַע קוואליפיצירטע ארבעטער. די קאָמונאלע בויונג, וועלכע ווערט איצט פאָרגענומען מיט שטארקע טעמפן, פאָדערט אויך נײַע קאטעגאָריִעס ארבעטער.

מע דארף קאָנסטאטירן, אז אף די אלע געביטן איז נאָך אין שטעטל אופגעטאָן געוואָרן זייער ווינציק. די באשלוסן פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב) און צ.ק. ק.פ.וו. וועגן איבערשליסן די געווערבקאָאָפעראציע אף נײַע וועגן אין דער ריכטונג פון אויסנוצן די אָרטיקע רעסורסן פילן זיך אין שטעטל זייער שוואך. ס׳איז נאָך ניט אויסגעלעבט געוואָרן די נאציִאָנאליסטישע שטעלונג, לויט וועלכער די פארטיילונג פון פראָפעסיִעס גייט לויט נאציִאָנאלע ליניִעס — „יידישע” (שנײַדער און שוסטער איבערהויפט) און ניט-יידישע. דידאָזיקע אײַנ-שטעלונגען באקומען פון צײַט צו צײַט אויך „ויסנשאפטלעכע” באגרינדונגען, מיט וועלכע מע „דערווײַזט”, אז די יידן זײַנען צו געוויסע פראָפעסיִעס (לע-מאָשל לאנדווירטשאפט, וועג בוי א. א.) ניט צוגעפאסט אדאנק זייערע סאָציִאל-היגיעניש אייגנשאפטן. אזעלכע טעאָריִעס, וואָס שלימן זיך מיט דעם נאצדע-מאָקראטיזם און ברענגען צו שעדיקערײַ, דארפן אומבאראכמאָנעסדיק באקעמפט ווערן. ס׳מוזן געשאפן ווערן נעצן פון פראָפטעכנישע שולן, קורצטערמיניקע

קורסן אף צוגרייטן די ארבעטנדיקע אין שטעטל צו די נײַע אופגאבעס, וועלכע עס שטעלט און וועט שטעלן דער נײַער ספעציאַליזירטער ראַיאָן. מיר שטעלן זיך פֿאָר, אז אין דעם נײַעם ספעציאַליזירטן ראַיאָן, אויב דער ראַיאָן איז א לאנד-ווירטשאפטלעכער, וועט דאָס שטעטל, געפֿינענדיק זיך אין זײַן געאָגראפֿישן צענטער, אָנעמען דעם טיפּ פֿון אן אגראר-אינדוסטריעלן יישעוו — צו דעם דארף מען דאָס שטעטל צוגרייטן.

מיט באָלשעוויסטישער אנטשלאָסנקײַט דארפֿן ליקווידירט ווערן די אלע דורכרײַסן, וואָס מיר האָבן נאָך באם איצטיקן טאָג אין די פֿארצייכנטע אָפּשניטן פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג. דער קוסטפּראָם דארף זיך וואָס גיכער איבערשליסן אף די נײַע יעסוידעס, שאפֿן נײַע ארטעלן אף אָרטיקן רויווארג, גרינדן ארטעלן אף שאפֿן פּראָדוקטן, וואָס זאָלן פֿארבעסערן דעם לעבנשטייגער פֿון די ארבעטנדיקע. ס׳דארפֿן פֿארגיכערט ווערן די טעמפּן פֿון בויען די מאשין-טראקטאָרישע סטאנציעס, די ליין-זאוואָדן ארום די שטעטלעך; ס׳דארפֿן צונויפֿגעשטעלט ווערן קאָנקרעטע פּלענער אף שאפֿן דעם פּראָפֿיל פֿון נײַעם ספעציאַליזירטן ראַיאָן.

## 8. פּאָליטישער און קולטורעלער צושטאנד

די ענדערונגען אין דעם סאָציאַלן באשטאנד פֿון שטעטל אלס רעזולטאט פֿונעם וווּקס פֿון די מעלוכישע און קאָאָפּעראטיווע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, די ליקווידאציע פֿון ארבעטלאָזיקײַט, דער וווּקס פֿון קולטורעלן און מאטעריעלן ניוואָ פֿון די ארבעטנדיקע האָבן שטארק געענדערט דעם פּאָליטישן פּאָנים פֿון שטעטל. די אלע דערגרייכונגען זײַנען א רעזולטאט פֿון דערפֿאָלגרײַכן סאָציאַליסטישן אָנגריף אף די קאפּיטאליסטישע, פּאראזיטישע עלעמענטן אין שטעטל, וועלכע האָבן אויסגענוצט די שוועריקײַטן פֿון דער סאָציאַליסטישער בויונג אף צו פֿארשפּרייטן צווישן באשטימטע שיכטן פֿון דער באפֿעלקערונג נאציאָנאליזם, ציאָניזם. מיט דער הילף פֿון די רעכטע אָפּאָרטוניסטן פּלעגן זיי אריינקריכן אין די סאָוועטישע אנשטאלטן און קאָאָפּעראטיוון, ווו זיי פּלעגן זיך סטארען צו פֿארסאמען די אטמאָספֿער מיט ציאָניסטישע שטימונגען. דאָס באווײַזט, אז דער קלאסן סוינע גיט ניט אָפּ אָן קאמף זײַנע פּאָזיציעס און אז דער אָנגריף קעגן זיי מוז פֿארשטארקט ווערן.

שטארק איז אויסגעוואקסן דער אווטאָריטעט פֿון די פּארטיישע און קאָמיוגישע אָרגאניזאציעס אין שטעטל. דער וווּקס פֿון ארבעטער-קלאס, דאָס ארײַנציען באדײַטנדיקע גרופּעס ארבעטנדיקע אין סאָציאַליסטישן און קאָאָפּעראטיוון סעקטאָר—דאָס אלץ איז א רעזולטאט פֿונעם דערפֿאָלגרײַכן קאמף פֿארן ניצאָכן פֿון דער גענעראלער ליניע פֿון דער פּארטיי. ס׳דארף אויך באצייכנט ווערן דער וווּקס פֿון די פּארטייישע און קאָמיוגישע אָרגאניזאציעס פֿון שטעטל מיט אָרטיקע ארבעטער און ארבעטנדיקע.

אויסגעוואקסן איז דער אויטאָריטעט פון די ראטן. ארום דעם ראט אז זײַנע סעקציִעס קאָנצענטרירט זיך א באַדײַטנדיקער געזעלשאפטלעכער אקטיוו— פארטייִשע, קאָמיוגיסטן, אומפארטייִשע; איבערהויפט פילט זיך שטארק דער קאָמיוג. די פאָרזיצערס פון די ראטן זײַנען מערסטנטייל גוט צונויפגעבונדן מיט דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. אין די סעקציִעס ארבעטן צוזאמען טוער פון אַלע נאציִאָנאליטעטן—ווײַסרוסישע, ייִדישע, פּויליׂשע, רוסישע א. א. קיינע רײַבונגען צווישן זיי אפן נאציִאָנאלן געביט איז אונדז ניט אויסגעקומען צו באמערקן. אין דער אקטיווער געזעלשאפטלעכער ארבעט אין און ארום ראט ווערט אויך ארײַנגעצויגן די ארבעטנדיקע פרוי.

„ס'יאז אָבער ניט ריכטיק, אויב מע מיינט, אז בא אונדז האָט זיך שוין פארענדיקט דער פעריִאָד פון פארשארפטן קלאסנקאמף; ס'איז ניט ריכטיק, אויב מע מיינט, אז דער שארפער קאמף מיט די אָפּאָזיציִאָנעלע עלעמענטן האָט זיך שוין בא אונדז פארענדיקט.

יע, מיר האָבן פארלייגט דעם פונדאמענט פון סאָציִאליזם און צום סאָף פון צווייטן פינפיאָר וועלן מיר ניט האָבן קיין קלאסן. דער קלאסן-סוינע איז הײַנט פארשטיקט, פארטויבט, נאָר די שארפקײַט פון קלאסנקאמף בלײַבט".
(קאהאנאָוויטש.)

דער קלאסן-פײַנטלעכער עלעמענט גיט זיך פון צײַט צו צײַט פילן אין די נײַע אינסטיטוציִעס, וווהין ער דרינגט ארײַן. אין די בײַשטעטלדיקע קאָלווירטן ארום אייניקע שטעטלעך האָט געהערשט דער „מישפּאָכע-פרינציפּ" — קרייווישע פאמיליעס, אָפט באלעגופישע אָדער האלב-באלעגופישע עלעמענטן, פלעגן ארײַננעמען דעם קאָלווירט אין זייערע הענט און פארוואנדלען אים אין א ספּעקולאטיווער קרעמל. פרעמדע עלעמענטן פלעגן זיך ארײַנכאפּן אין געווערב-ארטעלן, פרוּוון אויסנוצן די צײַטווייליקע שוועריקײַטן, קעדיי זיי פאנאנדערצולייגן. מע דארף זאָגן, אז די לעצטע צײַט קומט פאָר אין דעם פראט אן אויסבעסערונג. דאָס אָפּרייניקן די קאָלווירטן און געווערב-ארטעלן פון פרעמדע עלעמענטן, די וואכזאמקײַט פון די סאָוועטישע אָרגאנען אף די ערטער, דאָס פארשטארקן דעם פארטייִשן און סאָוועטישן יאָדער אין די קאָלווירטן און געווערב-ארטעלן — דאָס איז א גאראנטיע פאר דעם, אז די קלאסן-פײַנטלעכע ארויסטרעטונגען און אופירונגען וועלן באגעגענען דעם געהעריקן ווידערשטאנד.

די איבערבויִגן אין שטעטל מיט א יאָר אָנדערטהאלבן צוריק אפן געביט פון ווארעכץ, זײַנען אויסגעגלײַכט געוואָרן אדאנק די אָנווײַזונגען פון דער פארטיי און דער ראטנמאכט. די צאָל „לישענצעס", וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אדאנק די איבערבויִגן, איז שטארק פארקירצט געוואָרן— אף א העלפט און אויך אף מער אין אייניקע פונקטן. די גרויסע בויונג, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט אין און ארום שטעטל, האָט ארײַנגעצויגן אויך גרויסע גרופּעס ווארעכטלאָזע — אפן טראנספּאָרט, אף פארשיידענע בא-

דינעוו־ישע ארבעטן. א טייל פון זיי, דער מער פארמעגלעכער, איז ארויסגעפאָרן אין די גרויסע צענטערס פון ווססר, פון רספסר.

די אָרעמקייַט אין שטעטל איז קאָנצענטרירט ארום די זעלבסט-הילף-קאָמיטעטן, ווו די ארבעט שטייט מערסטנטייל ניט אף דער געהעריקער הייך. א גרויסער טייל פון דער אָרעמקייַט האָט זיך אייַנגעאָרדנט, אָבער ניט דורך דער הילף פון די קאָמיטעטן. אין אייניקע ערטער האָבן די קאָמיטעטן געפּרווּוט שאפן ארטעלן פאר אוטיל-קלייַבן, סעזאָן־ארבעטן אין סעדער, אף פעלדער, זיי האָבן אָבער באוויזן ארומכאפּן בלויז קליינע טיילן פון דער אָרעמקייַט. מען דארף קאָנסטאטירן, אז די זעלבסטהילף-קאָמיטעטן האָבן ניט באוויזן אויסצונוצן די סיטואציע פון רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד, און אויב די לאגע פון דער אָרעמקייַט איז אין אלגעמיין פארבעסערט געוואָרן, האָט זיך אָבער דאָ די אָרגאניזירנדיקע האנט פון די זעלבסטהילף-קאָמיטעטן געפילט זייער שוואך. ס'הינקט זייער שטארק די קולטור-פּאָליטישע ארבעט צווישן דער אָרעמקייַט — זי ווערט קימאט גאָרניט געפירט. מיר האלטן, אז דער אָנגעוויזענער מאָמענט — די שוואכע ארבעט פון די זעלבסטהילף-קאָמיטעטן — איז איינער פון די סיבעס, וואָס האָבן פארהאלטן די דערפאָלגן פון פארשיידענע ווערביר-קאָמפּאניִעס אין שטעטל אף ארבעט ביכלאל און פאר בירא-בידזשאן און קרים ביפראט. ווען די זעלבסטהילף-קאָמיטעטן וואָלטן געפירט א סיסטעמאטישע און רעגלמעסיקע ארבעט, אי אן עקאָנאָמישע, אי א קולטורעלע צווישן דער אָרעמקייַט, וואָלטן די דערגרייכונגען אפן געביט פון ווערבירן ארבעט-קראפט געווען פיל באדייַטנדיקערע.

די ענדערונגען אין סאָציִאלן פּאָנים פון שטעטל האָבן, פארשטייט זיך, געווירקט אף זייַן קולטורעלן און שטייגערישן אויסזען. אין די רעליגיִעז־שטייגערישע געווינהייַטן פון שטעטל מיט זייַנע אלטפרענקישע טראדיציִעס איז פאָרגעקומען אן איבערברוך. דער שאבעס-רו איז ליקווידירט געוואָרן קימאט אין אלע געווערב-ארטעלן, אויסער אייניקע קלענערע אויסנאמען. פון א ריי שטעטלעך זייַנען די ראבאָנים ארויסגעפאָרן, קיין נייַע ראבאָנים אף די „וואקאנטע" ערטער נעמט מען ניט. דער נייַער לעבנס שטייגער ווערט וואָס ווייַטער אלץ מער אייַנגעבירגערט צווישן די ארבעטנדיקע אין שטעטל.

ס'איז שטארק אויסגעוואקסן דער אווטאָריטעט פון דער סאָוועטישער שול — ס'איז קימאט ווי ליקווידירט די ווירקונג פון כיידער, די מעלאמדים גייען אראָפּ פון דער סצענע.

די צייַטונגען זייַנען אין שטעטל שטארק פארשפּרייט. אין אייניקע פון די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך גייען ארויס אָרטיקע רייאָנע צייַטונגען (סענע, טוראָוו, טשערווען). אין הונדערטער עקזעמפּליארן ווערן אויך געשריבן די צענטראלע צייַטונגען פון מינסק, פון מאָסקווע. שוואכער איז מיטן פארשפּרייטן די צייַטונגען אף יִידיש און אף פויליש.

אין דערזעלביקער צײַט נוצן אויס די קלאסן־פֿײַנטלעכע עלעמענטן דעם אלטן שטייגער, די רעליגיִעזע קולטור און שטערן אנטוויקלען אונדזער סאָציאַליסטישע בויונג. אין טוראָוו, אפֿן ציגל־זאוואָד, איז אדאנק דער ווירקונג פֿון אייניקע סאָציאַל־פרעמדע פּערזאָנען א געוויסע צײַט געשאפֿן געוואָרן אזא לאגע, אז מע האָט געדרוט אי שאבעס, אי זונטיק—קעדיי קיינעמס גאָט ניט צו באַליידיקן. אזוי פֿלעגט אונטער דער מאסקע פֿון פֿרומקײַט סיסטעמאטיש אונטערגעריסן ווערן אונדזער בויונג־ארבעט. אין די קאָלווירטן טרעפֿט, אז אין א רעליגיִעזן יאָנטעוו גייט מען ניט ארויס אפֿן פֿעלד. פֿאראן אף דעם באָדן קוריאָזן. אין קאָרמע איז פֿאָרגעקומען א געמישטע... לעוואיע: פֿריִער אינדערהיים—כעווראַ־קאדישע מיט טילימזאָגער, אפֿן גאס דער פֿראָפּאריין מיט טרויער־מוזיק. אין א הויז, ווו דער מאן איז א ווײַסרוס און די פֿרוי איז א ייִדישע, האָט מען געפּראוועט פּייסעך מיט די קרויווים דעם סיידער.

מע דארף נעמען אין אכט, אז דער אויבנפֿארצייכנטער עלטער־באשטאַנד פֿון שטעטל מיטן גרויסן פּראָצענט מענטשן אין די עלטערע יאָרן לייגט ארויף זײַן שטעמפּל אף א ריי שטייגעריש־רעליגיִעזע געוווינהײַטן און פֿארהאלט זייער אָפּשטארבן — „דער טויטער כאפּט דעם לעבעדיקן“.

אף דעמדאָזיקן פּאן לאָזט זיך זייער שטארק פֿילן דאָס פֿעלן פֿון א סיסטעמאטישער פּאָליט־אופֿקלער־ארבעט. די פּאָליט־אופֿקלער־ארבעט — דאָס איז דער שוואכסטער רונג אין דער קולטור־ארבעט פֿון שטעטל. די פּאָלקהײַזער פֿירן ניט קיין סיסטעמאטישע ארבעט. אין די ביבליאָטעקן ווערט ניט געפֿירט קיין מאסן־ארבעט; אף די פּאָליצעס קאָן מען נאָך געפֿינען אידעאָלאָגיש פֿרעמדע ביכער, אלט־פֿרענקישע שונד־ראָמאנען, וואָס מע גיט ארויס צום לייענען. די קולט־ארבעט צווישן די קוסטארעס איז פּאַקטיש א ליידיקער אָרט. עס איז אָן סאָפֿעק, אז בא א סיסטעמאטישער פּאָליטיש־אופֿקלערערישער ארבעט וואָלטן אונדזערע דערגרייכונגען אפֿן געביט פֿון אײַנפֿלאנצן די קאָמוניסטישע קולטור און באקעמפֿן דעם אלטן לעבנשטייגער געווען פֿיל שטארקערע און טיפֿערע — און פֿארלאָזן אזא געביט הייסט פּאַקטיש אָפּאָרטוניזם אין דער פּראקטיק. מע מוז אָנעמען מיטלען, אז די געהעריקע אָרגאנען זאָלן אָנעמען די נייטיקע מיטלען אף פֿארשטארקן די פּאָליטאופֿקלער־ארבעט אף די נאציאָנאלע שפּראכן אין שטעטל.

א שוואכער רונג אין דעם געזעלשאפֿטלעכן לעבן פֿון שטעטל איז די ארבעט פֿון די געזעלשאפֿטלעכע אָרגאניזאציִעס. אויבן האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אף דער שוואכער ארבעט פֿון די זעלבסהילף־קאָמיטעטן. עס האָבן נאָך ניט אָנגענומען די פּאסיקע פֿאָרמען פֿון ארבעט אין שטעטל די פֿארשיידענע געזעלשאפֿטן — מאָפּר, אסאָאוויאכים, קריגערישע אפּיקאָרסים; זייער ארבעט טראָגט מערסנטייל א קאָמפּאנייִשן כאראקטער. ס׳פֿילט זיך אויך ניט די ארבעט פֿון געזערד. דער לערער, די אקטיווע געזעלשאפֿטלעכע פֿיגור אין שטעטל, קען, פֿארשטײט זיך, ניט

צערײַסן זיך אף אלע פראָנטן. אגעוו, דאַרף מען אָנווײַזן, אז די איבערגעלאָדנקײַט מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט שטערט אָפט דער דירעקטער ארבעט פון לערער אין שול. אין אייניקע ערטער האָבן פאראיאָרן ווינטער די שטעטלדיקע לערער אָפט פארלאָזן די שול אף גאנצע וואָכן אין מיטן לערניאָר צוליב געזעלשאפטלעכער ארבעט—דאָס איז, פארשטייט זיך, ניט דערלאָזבאר.

## 9. פראָצעסן פון אינערלעכער אויסוואנדערונג. קאָנטינגענטן.

אייגנטלעך האָבן מיר זיך ש ין אף א רײ פראגעס פון אינערלעכער אויסוואנדערונג אָפגעשטעלט אין די פריִערדיקע קאפיטלען, באטראכטנדיק פארשיידענע דעמאָגראפישע ווײַזערס פון דער שטעטלדיקער באפעלקערונג. דאָ וועלן מיר זיך אָפשטעלן אף אייניקע ספעציִעלע מאָמענטן, וואָס זײַנען פריִער ניט אָנגערירט געוואָרן.

אויספאָרשן סטאטיסטיש די מעכאנישע באוועגלעכקײַט פון דער באפעלקערונג און איבערהויפט אין א שטעטל — איז איינע פון די שווערסטע זאכן. אפילע אין א גרויסער שטאָט, ווו ס'פירט זיך די רעגיסטראציע פון די ארײַנגעפאָרענע און ארויסגעפאָרענע, גיט דער אָפיציִעלער מאטעריִאל גאנץ אָפט ניט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן דער מעכאנישער באוועגלעכקײַט פון דער באפעלקערונג — די אָפיציִעלע סטאטיסטיק שטייט אין דערדאָזיקער פראגע אף זייער א נידעריקער הייך. ווער רעדט נאָך אין א שטעטל — גיט דער אָפיציִעלער מאטעריִאל אין דעם אינטערעסירנדיקן פראט זייער ווינציק. באקומען גענויִע ידיעות וועגן דער צאָל ארויסגעפאָרענע פאמיליִעס, וועלכע האָבן אינגאנצן פארלאָזן דאָס שטעטל — דאָס איז מעגלעך קימאט אויסשליסלעך נאָר דורך דעם אויספרעגן באהאוונטע אָרטיקע מענטשן — פארשטייט זיך, אז דאָס איז ניט קיין געזיכערטער וועג. נאָך שווערער איז צו וויסן, מיט וואָס פארנעמען זיך די ארויסגעפאָרענע אף די נײַע ערטער, וווהין זיי זײַנען אוועקגעפאָרן — דאָ מוזט איר טרויען אפן וואָרט.

צוליב דער וויכטיקײַט פון דער פראגע האָבן מיר אין אונדזער פאמיליִען-קארטל אָפגעגעבן א ספעציִעלן אָפטייל, וואָס זאָל אופקלערן די אויסוואנדערונג פון שטעטל ביזן 1928-טן יאָר און באזונדערס פאר די לעצטע דרײַ יאָר (1928 -- 1930), איר ריכטונג, מיט וואָס פארנעמען זיך די ארויסגעפאָרענע אפן נײַעם אָרט א. א. וו. וועגן די פאמיליִעס, וועלכע זײַנען אינגאנצן ארויסגעפאָרן פון שטעטל, האָבן מיר צונויפגעשטעלט אין א רײ שטעטלעך ספעציִעלע רעשימעס דורך ארומפרעגן אָרטיקע מענטשן.

דאָ גיבן מיר ידיעות וועגן די ארויסגעפאָרענע, וואָס האָבן איבערגעלאָזן אין שטעטל מיטגלידער פון פאמיליע — עלטערן, ברידער, שוועסטער. אזעלכע ידיעות האָבן מיר באקומען וועגן 1872 פערזאָנען. מיר רעכענען, אז אזא צאָל קאָן געבן א געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דער ריכטונג פון דער אינערלעכער

אויסוואנדערונג פון די שטעטלעך אין וו.ס.ס.ר. באם איצטיקן טאָג. דער נאציאָ־נאלער באשטאנד פון די ארויסגעפאָרענע איז קאָנטיק פון פאָלגנדיקער טאבעלע:

טאבעלע 7.

דער נאציאָנאלער באשטאנד פון די ארויסגעפאָרענע פון די 12 אויסגעפאָרשטע שטעטלעך.

| נאָמען פון שטעטל | צאָל ארויס־געפאָרענע | פון דעם: יידן | ווייסרוסן | אנדערע |
|---|---|---|---|---|
| אָסווייע . . . . . . | 134 | 72 | 59 | 3 |
| דריסע . . . . . . | 136 | 98 | 32 | 6 |
| קאָרמע . . . . . . | 84 | 72 | 11 | 1 |
| קראסנאָפּאָליע . . . . . | 224 | 142 | 80 | 2 |
| לאפּיטש . . . . . . | 672 | 65 | 7 | — |
| נאראָווליע . . . . . | 114 | 94 | 17 | 3 |
| פּאָדאָבראנקע . . . . . | 94 | 94 | — | — |
| סענאָ . . . . . . | 185 | 112 | 64 | 9 |
| סמילאָוויטש . . . . . | 172 | 115 | 38 | 19 |
| ארורע . . . . . . | 164 | 142 | 16 | 6 |
| טוראָוו . . . . . . | 217 | 154 | 63 | — |
| טשערוועו . . . . . . | 276 | 149 | 115 | 12 |
| סאכאקל . . | 1872 | 1309 | 502 | 61 |
| אין פּראָצ. . . | 100,0 | 69,9 | 26,9 | 3,2 |

פון דעדראָזיקער צאָל זיינען ביז 1928-טן יאָר ארויסגעפאָרן 199 מ. (יידן — 140, ווייסרוסן — 52, אנדערע — 7). דידאָזיקע טאבעלע באווייזט: 1) אז די גרעסטע טייל איז ארויסגעפאָרן די לעצטע דריי יאָר; 2) אז די אויסוואנ־דערונג האָט ארומגעכאפּט אלע נאציאָנאליטעטן — אף דעם האָבן מיר זיך שוין אויבן אָפּגעשטעלט.

אין וועלכער ריכטונג גייט די אויסוואנדערונג? פון די מאטעריאלן איז קענטיק, אז פון 1872 מענטשן זיינען ארויסגעפאָרן:

אין וו.ס.ס.ר. . . . . . . 982 מענ.
„ ר.ס.פ.ס.ר. . . . . . 523 „
„ או.ס.ס.ר. . . . . . 175 „
„ קרים . . . . . . . 24 „

| | | |
|---|---|---|
| אין אנדערע געגנטן פון פססר | 22 | מענ. |
| „ אמעריקע. . . . . | 7 | „ |
| „ אַנד. לענדער . . . | 16 | „ |
| „ ניט אָנגעוויזן . . . | 123 | „ |
| סאכאקל. . | 1872 | מענ. |

דאָס באַווײַזט, אז די גרעסטע העלפט ארויסגעפאָרענע פון די שטעטלעך האָט אויסגעוואנדערט אין די גרעסערע צענטערס פון וו.ס.ס.ר. — 52,5%, אין ר.ס.פ.ס.ר. — 27,9%, אין או.ס.ס.ר. — 9,3%. דער פאקט פון א פארשטארקטער אינערלעכער אויסוואנדערונג אין וו.ס.ס.ר. באשטעטיקט אן איבעריקן מאָל די ווירקונג פון דער אינדוסטריאַליזאציע פון וו.ס.ס.ר. וועלכע פארוואנדלט זיך פון אן אגראר-אינדוסטריַעלער געגנט אין אן אינדוסטריַעל-אגרארער. דאָ קומט פאָר האסטיק דער פראָצעס פון אויסבילדן גרעסערע שטאָטישע אינדוסטריַעלע צענטערס. וויכטיק איז דעריבער אָפּצייכענען, אז פון די 982, וואָס זײַנען ארויסגעפאָרן אין וו.ס.ס.ר., זײַנען נאָר 61 ארויסגעפאָרן ביזן 1928-טן יאָר; די איבעריקע 921 — 93,8% — זיינען ארויסגעפאָרן די לעצטע דרײַ יאָר, אין די יאָרן פון פארשטאַרקטער אינדוסטריַאליזאציע.

זייער אינטערעסאנט און וויכטיק זײַנען די מאטעריַאלן, וואָס באַווײַזן, צו וועלכע קאטעגאָריַעס געהערן די ארויסגעפאָרענע אף די נײַע ערטער, ווו זיי האָבן זיך באזעצט. פון די מאטעריַאלן איז קאָנטיק, אז אלס ארבעטער האָבן זיך אײַנגעאָרדנט 33,9%, אלס אָנגעשטעלטע — 16,9%, אלס קוסטארעס — 33%. די ארבעטער בילדן די סאמע קאָמפּאקטע גרופּע צווישן די אײַנגעאָרדנטע אף די נײַע ערטער—דער בעסטער באַווײַז, אז דער פּראָצעס פון אינערלעכער אויסוואנדערונג איז ארויסגערופן דורך דער אינדוסטריַאליזאציע און איז מיט איר ענג פארבונדן.

זייער כאראקטעריסטיש איז פאר דער אינערלעכער אויסוואנדערונג פון די לעצטע יאָרן, וואָס זי טראָגט מערסטנטייל ניט קיין פולן כאראקטער — ד. ה. עס פאָרן ארויס ניט גאנצע פאמיליַעס מיטאמאָל, נאָר איינצלנע מיטגלידער. מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס די צאָל פאמיליַעס אין די אויסגעפאָרשטע שטעטלעך איז קלענער געוואָרן פארהעלטניסמעסיק ווינציקער, ווי די גאנצע צאָל באפעלקערונג. דערדאָזיקער מאָמענט קאָן דינען אין דערזעלביקער צײַט ווי א געוויסער סטימול פאר א ווײַטערדיקער אויסוואנדערונג: די מיטגלידער פון דער פאמיליע, אלנפאלס פון די יינגערע, וועלכע האָבן באוויזן אײַנאָרדענען זיך אף די נײַע ערטער, וועלן נאָכשלעפּן נאָך זיך די איבערגעבליבענע.

און דאָ גייען מיר צו צו דער פראגע וועגן קאָנטינגענטן פאר ביראָבידזשאן און קרים. צי זײַנען פאראן קאָנטינגענטן? בא דעם איצטיקן צושטאנד

פון שטעטל, ווען קיין ארבעטלאָזיקײַט איז ניטאָ, ווען ס'האָט זיך אופגעהערט צו פילן די כראָנישע „איבערבאפעלקערונג”, מיט וועלכע די שטעטל האָט שטענדיק געליטן, דארף מען צוגיין צו דערדאָזיקער פראגע ניט מיטן מאסשטאב פון „פרײַע ארבעט-הענט, וועלכע קאָנען אפן אָרט ניט אויסגענוצט ווערן”. די אויסוואנדערונג פון שטעטל — דאָס איז ניט קיין אויסוואנדערונג פון בעהאָלע, ניט קיין אויסוואנדערונג פון נויט: די איצטיקע אויסוואנדערונג פון שטעטל — דאָס איז מערסטנטייל א געזונטע שטרעבונג, איבערהויפט פון דער יוגנט, וואָס גיכער ארײַנצוציִען זיך אין דעם פראָצעס פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע, פון אינדוסטריאַליזאציע, פון העכערן די טעכניק, ארײַנצוציִען זיך אין דעם אלץ, מיט וואָס ס'אָטעמט דאָס גאנצע לאנד. דאָס, וואָס די אינדוסטריאַליזאציִע-פראָצעסן פילן זיך אין שטעטל שוואכער — דאָס איז איינע פון די סיבעס, וואָס טרײַבט דעם גרעסטן טייל יוגנט איבערפאָרן אין נײַע ערטער. מיר האלטן אָבער, אז בא דער ווײַטערדיקער פאנאנדערוויקלונג פון דער אינדוסטריע, בא דער דורכוויסיקער קאָלעקטיוויזאציע, בא דער פארווירקלעכונג פון דער ספעציאַליזאציע פון די ראַיאָנען, וועלן זיך אָט די אלע אינדוסטריאַליזיר-פראָצעסן אָנהויבן שטארקער פילן אויך אין שטעטל. אף דעם זאָגט איידעס דער פאקט, וואָס אין די קלענערע ייִשוּווים פון ו.ס.ס.ר. ווּ די אינדוסטריאַליזיר-פראָצעסן פולסירן שטארקער, קומט פאָר א היפשער וווקס פון דער באפעלקערונג פאר די לעצטע יאָרן (קריטשעוו, אסיפּאָוויטש).

אין דערזעלביקער צײַט דארפן מיר קאָנסטאטירן, אז צווישן די, וואָס פאַרדינען איצט ניט שלעכט ארום דער בויונג, זײַנען פאראַן היפּש אזעלכע עלעמענטן, וועלכע מען קאָן בעשום-אויפן ניט רעכענען פאר פעסט-אײַנגעאָרדנטע. בא א פלאנמעסיקן און ריכטיקן אויסניצן די ארבעט-רעסורסן סײַ אפן אָרט, סײַ אזיסערן אָרט דארפן זיי דיסקאָנטירט ווערן פון שטאנדפונקט פון געבן זיי א באשטימטע פראָפעסיאָנעלע קוואליפיקאציע (בא א געהעריקן סאָציאַלן אָפּקלײַב). אף אן אָרגאניזירטן אויפן דארף אויך דורכגעפירט ווערן די ארבעט פון שאפן נײַע קוואליפיקאציִעס אף אויסניצן דעם אָרטיקן רויווארג, איבערקוואליפיצירן געוויסע גרופּעס קוסטארעס, וואָס ארבעטן אף דעפיציטן רויווארג.

דאָס אלץ באווײַזט, אז ארום דער קאָנטינגענטן-פראגע פאר בירא-בידזשאן און קרים פאָדערט זיך א גרויסע און דורכגעטראכטע ארבעט. זעלבסטפלוס וועט דאָ גאָרנישט ניט געבן. די קאָנטינגענטן-פראָבלעם איז א טייל פון דער גרויסער פראָבלעם פון ריכטיק אָרגאניזירן די ארבעט-רעסורסן. די נײַע מעטאָדן פון אָרגאניזירן די ארבעט-קראפט, וועגן וועלכע ס'האָט גערעדט כ' סטאלין, דארפן אָנגעווענדעט ווערן אויך אין דער פראגע פון בירא-בידזשאן און קרים.

די גאנצע פראָבלעם פון אינערלעכער אויסוואנדערונג, דער גאנצער קאָמפּלעקס פראגעס, וואָס איז מיט איר פארבונדן, דארף סאָפקאָלסאָף אוועקגע-

שטעלט ווערן אַף רעלסן פון אָרגאַניזירטער אָנפירונג. דאָס פעלן פון אַזאַ אָנפירונג האָט געבראַכט צו דעם, וואָס צוזאַמען מיט גרויסע דערגרייכונגען אין געביט פון פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע אַרבעטנדיקע האָבן מיר געהאַט אַזעלכע דערשיינונגען, אַז די מער פאַרמעגלעכע עלעמענטן פלעגן זיך די ערשטע אַרויסרייסן פון שטעטל און איינאָרדענען זיך אין די אינדוסטריעלע צענטערס. די אָרגאַנען פון פאָלקאָמאַרבעט, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט ווערבירן אַרבעטער, פלעגן סיסטעמאַטיש אויסמיידן דאָס שטעטל. איצט האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט. די יוגנט, וואָס גייט מאַסנווייז אין די פאַבזאַוושולן, וואָס ווערט ווערבירט פאַר מאַגניטאָגאָרסק, אוראַל, די איבערוואַנדערונג אין קרים, בירָאָ-בידזשאַן, אַף די פאָנדן—דאָס אַלץ באַווייזט, אַז פּאַראַלעל מיט די פּראָצעסן פון זעלבסטפלוס הייבט אָן פאַרנעמען אַלץ אַ גרעסערן אָרט אין דער פּראָבלעם פון איינערלעכער אויסוואַנדערונג דער עלעמענט פון אָרגאַניזאַציע. אַף דידאָזיקע רעלסן מוז גיין די איבערוואַנדערונג אין קרים און בירָאָ-בידזשאַן. דער לעצטער באַשלוס פון צ.א.ק. ר.ס.פ.ס.ר. גיט אונדז אין דעם פּראַט די פולסטע גאַראַנטיע.

און נאָך אַ מאָמענט. דאָס זוכן קאָנטינגענטן פאַר בירָאָ-בידזשאַן און קרים נאָר אין שטעטל איז פאַקטיש אַרויסגעקומען פון דעם אַלטן קוק אַף דעם שטעטל, ווי אַף אַ מין לויטצלעכדיקן ייִשעוו, וועלכער איז געווען שטענדיק גרייט צו לאָזן זיך אין וועג. דאָס שטעטל אין רעקאָנסטרוקטיון פּעריאָד, אין דעם דורכויס קאָלעקטיוויזירטן ריאָן פון אינדוסטריאַליזירטער לאַנדווירטשאַפט איז אָבער גאָר אַן אַנדערע. מיר רעכענען, אַז אין די גרעסערע ייִשווים, אין אַ ריי געוועזענע אויעזדנע שטעט, שוואַך אינדוסטריאַליזירטע, דאַרף מען אויך אַף אַן אָרגאַניזירטן אויפן ווערבירן קאָנטינגענטן. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אין דער געאָגראַפיע פון פאַרטיילן די ייִדישע באַפעלקערונג אין באַזונדערע טיפּן ייִשווים ווערט די ראָל פון שטעטל אַלץ אַ קלענערע — באַדייטנדיקערע גרופּעס פון דער אַרבעטנדיקער ייִדישער באַפעלקערונג רוקן זיך אַלץ מער אַריבער אין די גרעסערע שטעט. אויספאָרשן די לאַגע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג ניט נאָר אין די אויסוואַנדערונג־צענטערס, נאָר אויך אין די גרעסערע צענטערס פון איינוואַנדערונג — דאָס איז איינע פון די אויפגאַבעס, וועלכע דאַרפן שטיין פאַר אונדז ביכלאַל און ספּעציעל צוליב דער קאָנטינגענטן-פראַגע. די ספערע פון דער לעצטער דאַרף אַריבערגעטראָגן ווערן אויך אַף דער גרעסערער שטאָט.

דאָס דורכפירן אַף אַן אָרגאַניזירטן אויפן די פראַגע פון קאָנטינגענטן פאַר בירָאָ-בידזשאַן און קרים טאָר אין דערזעלביקער צייט ניט אָפּשוואַכן אונדזער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטנדיקע אַפן אָרט. ס׳דאַרפן אַנטשיידן באַקעמפט ווערן אַי די רעכטע, אין טאָך נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס, וועגן פאַרוואַרפן די עקאָנאָמישע איינאָרדענונג פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע אַפן אָרט, אַי די

„לינקיסטישע״ טעאָריִעס, אז קיין קאָנטינגענטן זיַינען ניטאָ, וועלכע פלעכטן זיך צונויף מיט דער טעאָריע פון „פארהיטן דעם ספעציפישן געוויכט״. דער גאנצער קאָמפּלעקס ארבעטן פון פארשטארקן די ארטעלן, די בייַשטעטלדיקע קאָלווירטן, שאפן נייַע קוואליפיצירטע קאדרען פון **די** אָרטיקע אינדוסטריע־צווייַגן טאָר ניט אָפגעשטעלט ווערן. סייַ פארשטארקן די לאגע פון די ארבעטנדיקע אפן אָרט, סייַ קאָנטינגענטן און קאדרען פאר בירא־בידזשאן און קרים — אזוי דארף געשטעלט ווערן די פראגע און אזוי דארף זי ווערן געלייזט.

# באשטימונג

## פון פרעזידיום פון צענטראלן אויספיר-קאָמיטעט ווססר איבערן פאָרטראג וועגן די רעזולטאטן פון דערווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פון די שטעטלעך.

אויסהערנדיק דעם פאָרטראג פון דער נאצקאָמיסיע וועגן די רעזולטאטן פון דער אויספאָרשונג פון די שטעטלעך אין ווססר, קאָנסטאטירט דער פרעזידיום פון צ. א. ק.

1. אין רעזולטאט פון ריכטיקן פארווירקלעכן די לעניניסטע נאציאָנאלע פּאָליטיק, אין רעזולטאט פון אנטשיידענעם קאמף מיצאד דעם ארבעטער-קלאס אונטער דער אָנפירונג פון ק.פ.(ב)וו. פאר דער גענעראלער ליניע פון דער פארטיי, אין קאמף קעגן רעכטן אָפּאָרטוניזם, קעגן די לינקע קנייטשן, וועלכע האָבן געהאט אן אָרט אפן געביט פון ווירטשאפטלעך אײַנאָרדענען די ארבעטנדיקע יידישע באפעלקערונג אין די שטעטלעך, אפן גרונט פון דערפאָלגרײַכן אויספילן און איבערשטײַגן דעם פינפיאָריקן פלאן, אפן גרונט פון האסטיקן וווקס פון דער אינדוסטריע און פון די דערפאָלגן אין דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאנדווירטשאפט אין פססר און ווססר — זײַנען די פלענער פון ווירטשאפטלעכער אײַנאָרדענונג פון די שטעטלעך אין ווססר פאר דער פארגאנגענער צײַט באדײַטנדיק איבערגעשטיגן געוואָרן.

פאר דער פארגאנגענער צײַט זײַנען פאָרגעקומען גרויסע פּאָזיטיווע ענדערונגען אין דער עקאָנאָמישער לאגע און סאָציאַלן באשטאנד פון דער יידישער שטעטלדיקער באפעלקערונג און ס׳האָט זיך באדײַטנדיק פארבעסערט איר מאַטעריעלע און קולטורעלע לאגע. גלײַכצײַטיק מיט דער ליקווידאציע פון דער ארבעטלאָזיקײַט אין אלגעמיין איז ליקווידירט געוואָרן די ארבעטלאָזיקײַט צווישן דער ארבעטנדיקער יידישער שטעטלדיקער באפעלקערונג; די ארבעטנדיקע יידן, אין דער ערשטער ריי די יוגנט, זײַנען ארײַנגעצויגן געוואָרן אין דער גרויסער אינדוסטריע סײַ פון ווײַסרוסלאנד, סײַ אויך פון די אנדערע רעפובליקן אין פארבאנד. ס׳האָט זיך באדײַטנדיק פארגרעסערט דער פּראָצענט פון ארבע־

טער אין די שטעטלעך; ס'האָט זיך פארשטארקט און ס'וואקסט די גרופע ייִדן ערד-ארבעטער, דערהויפט קאָלווירטניקעס, ס'האָט זיך פארשטארקט די עקאָנאָמישע לאגע פון די בייַשטעטלדיקע קאָלווירטן. די קוסטארעס אין שטעטל זייַנען קימאט אינגאנצן ארומגעכאפט געוואָרן דורך ארטעלן. ס'איז קימאט ווי אינגאנצן ליקווידירט געוואָרן דער פריוואטער האנדל און די פאראזיטישע פארמיטלערייַ. ס'איז ברייט אוועקגעשטעלט געוואָרן די קולטורעלע באדינונג פון די ארבעטנדיקע אף זייערע מוטער-שפראכן.

אָט די איבערגערעכנטע רעזולטאטן האָבן זיך באזונדערס געלאָזט פילן אין רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד, ווען אדאנק דעם דערפאָלגרייַכן אויספילן פון פינפיאָר ווערט ווססר, ווי א טייל פון גאנצן פארבאנד, האסטיק פארוואנדלט פון אן אגראר-אינדוסטריעלן קאנט אין א קאנט אן אינדוסטריעל-אגרארן, ווען די סאָציאַליסטישע בויונג ציט ארייַן אין דער פראָדוקציע וואָס אלץ גרעסערע מאסן ארבעטנדיקע.

דער סאָציאַלער און מאטעריעלער ניוואָ פון די ארבעטנדיקע פון דער ייִדישער נאציאָנאליטעט, וועלכע האָבן אין א גרעסערער מאָס געפילט אף זיך דעם דרוק פון צאריזם (דער טכום, דאָס ניט דערלאָזן צו פראָדוקטיווער ארבעט, די פראָצענטן נאָרמע), האָט א דאנק דעם, וואָס די צאָל ארבעטער און ארבעטנדיקע בא דער ייִדישער באפעלקערונג איז באדייַטנדיק פארגרעסערט געוואָרן און די מאטעריעלע לאגע פון די ארבעטנדיקע ייִדן אין די שטעטלעך האָט זיך פארבעסערט, זיך דערנענטערט צום אלגעמייַנעם סאָציאַלן און מאטעריעלן ניוואָ פון די ארבעטנדיקע אין ווססר.

באזונדער בוילעט ווייַזן זיך ארויס די רעזולטאטן פון די מאָטמיטלען מיצאד דער פארטיי און סאָוועטן-רעגירונג אין באצוג צו די שטעטלעך, ווען מע פארגלייַכט די לאגע זייערע מיט דער לאגע פון די שטעטלעך פון מייַרעוו ווייַסרוסלאנד, אונטערן דרוק פון פאשיסטישן פוילן. ארבעטלאָזיקייַט און פאראָרעמונג פון די מאסן, וווקס פון די פאראזיטישע פארמיטלערישע עלעמענטן, וואָס פארלירן דעם באָדן אונטער זייערע פיס, נאציאָנאלער דרוק — דאָס אלץ שטעלט די שטעטלעך פון מייַרעוו-ווייַסרוסלאנד אין אן אויסגאנגסלאָזע לאגע.

2. באצייכענענדיק די גרויסע דערגרייכונגען פוז דער סאָוועטנ-מאכט אפן געביט פון פארבעסערן די עקאָנאָמישע און קולטורעלע לאגע פון דער ייִדישער-ארבעטנדיקער באפעלקערונג אין די שטעטלעך, שטרייַכט אונטער דער פרעזידיום פון צ.א.ק. ווססר, אז די ווירטשאפטלעכע אייַנאָרדענונג פון די שטעטלעך קאָן מען נאָך דערווייַל ניט האלטן פאר פארענדיקט. ווענן דעם זאָגט איידעס דער נאָך ביז גאָר אומבאדייַטנדיקער פראָצענט זעלבסטעטיקע פרויען צווישן דער ארבעטנדיקער ייִדישער באפעלקערונג אין די שטעטלעך און דאָס, וואָס צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג אין די שטעטלעך זייַנען נאָך דאָ באדייַטנדיקע גרופעס ארבעטנדיקע, נאָך ניט גענוג שטאנדהאפטיק אייַנגעאָרדנטע (קו-

סטארעס, וואָס ארבעטן אַף דעפּיציטן רויוואַרג, שוואַרצאַרבעטער א. אנד.).

ארויסגייענדיק פון דעם אויבן געזאָגטן, באשטימט דער פּרעזידיום פון צ.א.ק. ווססר.

צוליב דער ענדגילטיקער ווירטשאפטלעכער איינאָרדענונג פון די שטעטלעך דורכפירן פאָלגנדיקע מאָסמיטלען:

א. די רייאויספירקאָמען שטעלן צו אין מעשעך פון א כוידעש צייט אין מעלוכע-פּלאַן און נאצקאָמיסיע באם צ.א.ק. א פלאַן פון קאָנקרעטע מאָסמיטלען אַף צו פארענדיקן די ווירטשאפטלעכע און קולטורעלע איינאָרדענונג פון יעדן שטעטל באזונדער ביזן סאָף פון פינפיאָר, זיי פארזיכערן אויך די אָנפירונג מיטן פארווירקלעכן אָט די מאָסמיטלען.

ב. דער מעלוכע-פּלאַן, בייסן קאָנקרעטיזירן די ספּעציאַליזאַציע פון די ראיאָנען, פּלאַנירט קאָנקרעט די אנטשפּרעכיקע אונטערנעמונגען צו אינדוסטריאַליזירן די לאַנדווירטשאַפט, וואָס זיינען פארבונדן מיט דער ספּעציאַליזירטער פּראָדוקציע פון די ראיאָנען (ליין-זאוואָדן, פלייש-פאבריקן, קאָנסערוון-פאבריקן), מערקט אָן פעסטע טערמינען סיי אין באצוג צו די נייע בויונגען אזוי אויך אין באצוג צו קאדרען-צוגרייטונג, נעמענדיק אין דיסקאָנט די אָנוועזנהייט פון די ארבעט-רעסורסן אין שטעטל.

ג. דער וויי־סקוסטגעווערבפאַרבאנד ארבעט אויס אין מעשעך פון א כוידעש צייט א פּלאַן פון איבערקוואַליפיצירן און צוגרייטן נייע קוואַליפיקאַציעס צווישן דער ארבעטנדיקער שטעטלדיקער באפעלקערונג, אָרגאַניזירנדיק נייע ארטעלן אַף דער באזע פון ניט-דעפּיציטן רויוואַרג און ניט אָפּשוואַכנדיק איינצייטיק די אויפמערקזאַמקייט בענויגייע די שוין עקזיסטירנדיקע ארטעלן.

ד. נעמענדיק אין אכט, אז אין דער צייט, ווען אין אלגעמיין זיינען די ארבעטנדיקע באדייטנדיק אריינגעצויגן געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, מערקט זיך, אז די פרויען, באזונדערס צווישן די ארבעטנדיקע יידן, זיינען שוואַך אריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּראָדוקציע, פאָרלייגן דעם פאָלקקאָמאַרבעט אויסצוארבעטן קאָנקרעטע מאָסמיטלען אַף וואָס גיכער אריינציען אין דער פּראָדוקציע די שטעטלדיקע ארבעטנדיקע פרויען, און אויך נעמען אַף זיך די איניציאַטיוו, צונויפריידנדיק זיך מיט די געהעריקע אָרגאַנען, צו שאַפן אנשטאַלטן אַף צו פארבעסערן דעם לעבנשטייגער פון די ארבעטנדיקע, וועלכע זאָלן מיטהעלפן וואָס גיכער אריינציען די שטעטלדיקע ארבעטנדיקע פרויען אין דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע (יאסלעס, קינדער־גערטנער, גאָרקיכן).

ה. צוגעבנדיק א גרויסע באדייטונג דער פראַגע פון באזעצן בירא־בידזשאַן און אונטערשטרייכנדיק, אז די ווערבירונג פון איבערוואַנדערער קיין בירא־בידזשאַן און קרים ווערט דורכגעפירט ניט באפרידיקנדיק, פאָרלייגן דעם פאָלקקאָמאַרבעט און דעם קאָמערד אין מעשעך פון 2 דעקאַדעס אויסארבעטן קאָנ-

קרעטע מאָסמיטלען אַף צו ווערבירן איבערוואַנדערער קיין בירָאָבידזשאַן און קרים אין העסקעם מיט די קאָנטראָל-ציפערן פאַר דער איבערוואַנדערונג.

פאָרלייגן דעם ווײַסקאָמערד און פאָלקאָמערד אויסאַרבעטן, צוזאַמען מיט דער אָנפירונג פון בירָאָבידזשאַן, נײַע פאָרמעס פון ווערבירן אין העסקעם מיט די נײַע באַדינגונגען. בייסן ווערבירן איבערוואַנדערער נעמען אין באַטראַכט די נײַע באַדינגונגען, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן אין רעזולטאַט פון ליקווידירן די אַרבעטלאָזיקײַט.

וו. באַצייכענענדיק, אַז די פאָליט-מאַסן-אַרבעט אַף דער מוטער-שפּראַך ווערט געפירט אין שטעטל ניט באַפרידיקנדיק, פאָרלייגן דעם פאָלקאָמבילד אָנעמען קאָנקרעטע מאָסמיטלען אַף צו באַזאָרגן די שטעטלדיקע פאָליטאויפקלער-אַנשטאַלטן מיט די נייטיקע קוואַליפיצירטע טוער.

3. באַופטראָגן די נאַצקאָמיסיע באַם צ.א.ק. ווססר סיסטעמאַטיש אַכטונג געבן אַף דעם, ווי אָט די באַשטימונג ווערט אויסגעפילט און ווי גייט די גאַנצע אַרבעט אַף צו פאַרענדיקן די אײַנאָרדענונג פון די שטעטלעך ביזן סאָף פון פינפיאָר.

4. באַצייכענענדיק די אַרבעט פון דער נאַצקאָמיסיע באַם צ.א.ק. און פון ייִדסעקטאָר באַ דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע אַפן געביט פון אויס-פאָרשן די שטעטלעך, אַלס אַ פּרווו ווירקלעך צו פאַרייניקן די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק פון דער סאָוועטישער בויונג אין דער וויסנשאַפטלעך-פאָרשע-רישער אַרבעט, פאָרלייגן דער נאַצקאָמיסיע און דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט-אַקאַדעמיע פאַרגיכערן צו באַאַרבעטן די מאַטעריאַלן פון דער אויספאָרשונג און אַרויסגעבן זיי אַף דער ווײַסרוסישער, רוסישער און ייִדישער שפּראַכן.

פאָרזיצער פון צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט
פון ווססר (א. טשערוויאַקאָוו)

סעקרעטאַר פון צענטראַלן אויספיר-קאָמיטעט
פון ווססר (מ. גניליאַקעוויטש)

15 פעווראַל 1932 יאָר.

## בײַלאַגע 1.

דער מוסטער פון דער אויספאָרשונג-קארטל.

## בײַלאַגע 2.

דער נאציִאָנאלער באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע
12 שטעטלעך אין 1926 און 1931 יאָר.

## בײַלאַגע 3.

זעלבסטעטיקע און ניט זעלבסטעטיקע באפעלקערונג אין די אויסגעפאָרשטע
שטעטלעך לויטן נאציִאָנאלן און געשלעכטלעכן באשטאנד.

בײַלאַגע 1.

**Нацкамісія Ц. В. К.**
Б. С. С. Р.

# КАРТКА

## абсьледваньня мястэчак 1931 году.

Мястэчка , раён Склад маёмасьці абсьледваемай сям'і.

1) Уласны дом 2) Палёвы вучастак колькі гэктараў 3) Гародны вучастак колькі гэктараў 4) Сад колькі дрэў 5) Жывёла: а) коняй , б) кароў , в) дробнай жывёлы, акрамя сьвіней і парасят , г) сьвіней і парасят

### 1. Склад членаў сям'і ўключаючы і главу

| №№ па чарзе | Прозьвішча, імя і імя па бацьку | Адносіны да главы | Род | Узрост | Нацыянальнасьць | Пісьменнасьць | Адукацыя | | Калі мае прафэсію, паказаць якую | Партыйнасьць (член УсеКП, камсамол, бес-парт.) | Член саюзу, якога | Ці мае права голасу, калі ня мае—то на якой падставе |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | Назва апошняй школы, дзе вучыўся ці вучыцца | Калі ня скончыў, то колькі гадоў вуч. | | | | |
| 1 | | | | | | | | | | | | |
| 2 | | | | | | | | | | | | |
| 3 | | | | | | | | | | | | |
| 4 | | | | | | | | | | | | |
| 5 | | | | | | | | | | | | |
| 6 | | | | | | | | | | | | |
| 7 | | | | | | | | | | | | |
| 8 | | | | | | | | | | | | |
| 9 | | | | | | | | | | | | |
| 10 | | | | | | | | | | | | |

## 2. Склад членаў сям'і, маючых у сучасны момант занятак

| №№ па чарзе таб. 1 | Род занятку | Становішча ў занятку (рабочы, служачы, член арцелі, калгасьнік) | З якога часу працуе ў гэтым занятку (год і месяц) | Месца працы | Размер месячнага прыбытку за апошнія тры месяцы ў сярэднім | Калі раней меў другі занятак, паказаць які | Калі мае сталую прафэсію і не працуе па ёй, паказаць па якой прычыне |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 |
| | | | | | | | |

## 3. Склад членаў сям'і, меўшых раней заняткі, але ня маючых заняткаў у сучасны момант

| №№ па чарзе таб. 1 | Назва асноўнага занятку, які даваў прыбытак | Калі страціў занятак (мес., год) і па якой прычыне | Калі мае які-небудзь прыбытак—паказаць | |
|---|---|---|---|---|
| | | | Крыніцы прыбытку | Сума прыбытку за апошні год |
| | | | | |

## 4. Склад членаў сям'і, якія выехалі з мястэчка за апошнія тры гады

| №№ па чарзе | Адносіны да главы | Род | Узрост | Калі выехаў (год) | Куды (горад, вёска) | З якой мэтай | Самацёкам ці арганізаваным парадкам. Калі арганізаваным, паказаць, якая арганізацыя накіравала | Ці меў выехаўшы сталы занятак да ад'езду (які) | Які занятак мае ў сучасны момант | Сувязь з сям'ёй | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | | | | Ці захавалася сувязь з сям'ёй | Ці аказвае сям'і матар'яльную падтрымку |
| | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 | 11 |
| | | | | | | | | | | | |

ЗАЎВАГІ:

בײַלאגע 2.

דער נאציאָנאלער באשטאנד פון דער באפעלקערונג אין די

| נומער | נאָמען פון שטעטל | אינגאנצן | | פון ווײַסרוסן | | פון ייִדן | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | אבס. | פראָצ. | אבס. | פראָצ. | אבס. | פראָצ. |
| 1 | אָסווייע | | | | | | |
| | 1926 . . . | 1.770 | 100 | 947 | 53,5 | 700 | 39,5 |
| | 1931 . . . | 1.094 | 100 | 658 | 60,1 | 398 | 36,4 |
| 2 | דריסע | | | | | | |
| | 1926 . . . | 2.550 | 100 | 684 | 26,9 | 1.265 | 49,6 |
| | 1931 . . . | 1.370 | 100 | 634 | 46,3 | 710 | 51,8 |
| 3 | קאָרמע | | | | | | |
| | 1926 . . . | 1.747 | 100 | 461 | 26,4 | 1.248 | 71,4 |
| | 1931 . . . | 922 | 100 | 223 | 24,2 | 690 | 74,8 |
| 4 | קראסנאָפאָליע | | | | | | |
| | 1926 . . . | 2.548 | 100 | 592 | 23,2 | 1.715 | 67,3 |
| | 1931 . . . | 2.272 | 100 | 919 | 40,4 | 1.336 | 58,8 |
| 5 | לאפיטש | | | | | | |
| | 1926 . . . | 821 | 100 | 96 | 11,7 | 709 | 86,4 |
| | 1931 . . . | 582 | 100 | 79 | 13,6 | 490 | 84,3 |
| 6 | נאראָווליע | | | | | | |
| | 1926 . . . | 2.513 | 100 | 991 | 39,4 | 1.357 | 54,0 |
| | 1931 . . . | 1.708 | 100 | 818 | 47,9 | 813 | 47,6 |
| 7 | פאָראָבראנקע | | | | | | |
| | 1926 . . . | 1.218 | 100 | 40 | 3,3 | 1.127 | 92,5 |
| | 1931 . . . | 915 | 100 | 81 | 8,9 | 832 | 90,9 |

די אויסגעפּאַרשטע 12 שטעטלעך אין 1926 און 1931 יאָר.

| ז | | יי | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| רוסן | | פּאָליאַקן | | אוקראַיִנער | | אנדערע | |
| אבס. | פּראָצ. | אבס. | פּראָצ. | אבס. | פּראָצ. | אבס. | פּראָצ. |
| 63 | 3,5 | 48 | 2,7 | 3 | 0,2 | 9 | 0,6 |
| 25 | 2,3 | 7 | 0,6 | — | — | 6 | 0,6 |
| 501 | 19,6 | 20 | 0,8 | 46 | 1,8 | 34 | 1,3 |
| 14 | 1,0 | 4 | 0,3 | 4 | 0,3 | 14 | 0,3 |
| 30 | 1,7 | 7 | 0,4 | 1 | 0,1 | — | — |
| 7 | 0,8 | — | — | 1 | 0,1 | 1 | 0,1 |
| 228 | 8,9 | 4 | 0,2 | 4 | 0,2 | 5 | 0,2 |
| 4 | 0,2 | — | — | 1 | 0,1 | 12 | 0,5 |
| 5 | 0,6 | 9 | 1,1 | 1 | 0,1 | 1 | 0,1 |
| 9 | 1,5 | 4 | 0,6 | — | — | — | — |
| 49 | 1,9 | 59 | 2,3 | 30 | 1,2 | 27 | 1,2 |
| 9 | 0,5 | 31 | 1,8 | 31 | 1,8 | 6 | 0,4 |
| 49 | 4,0 | — | — | 1 | 0,1 | 1 | 0,1 |
| 1 | 0,1 | — | — | 1 | 0,1 | — | — |

פאָרזעצונג.

| נומער | נאָמען פון שטעטל | אינגאַנצן | | פון | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | ווײַסרוסן | | ייִדן | |
| | | אבס. | פראָצ. | אבס. | פראָצ. | אבס. | פראָצ. |
| 8 | סענע | | | | | | |
| | . . . 1926 | 3.493 | 100 | 1.434 | 41,0 | 1.847 | 52,9 |
| | . . . 1931 | 2.612 | 100 | 1.334 | 51,1 | 1.182 | 45,2 |
| 9 | סמילאָװיטש | | | | | | |
| | . . . 1926 | 3.196 | 100 | 850 | 26,6 | 1.748 | 54,7 |
| | . . . 1931 | 2.221 | 100 | 547 | 24,6 | 1.308 | 58,9 |
| 10 | סוראָוו | | | | | | |
| | . . . 1926 | 5.393 | 100 | 3.121 | 57,9 | 2.171 | 40,3 |
| | . . . 1931 | 5.060 | 100 | 3.238 | 64,0 | 1.788 | 35,3 |
| 11 | אוזדע | | | | | | |
| | . . . 1926 | 2.504 | 100 | 668 | 26,7 | 1.564 | 62,5 |
| | . . . 1931 | 2.078 | 100 | 548 | 26,4 | 1.207 | 58,1 |
| 12 | טשערװען | | | | | | |
| | . . . 1926 | 4.933 | 100 | 2.476 | 50,2 | 2.027 | 41,1 |
| | . . . 1931 | 2.834 | 100 | 1.652 | 58,3 | 968 | 34,2 |
| | סאכאקל | | | | | | |
| | . . 1926 | 32.686 | 100 | 12.360 | 37,8 | 17.476 | 53,4 |
| | . . 1931 | 23.668 | 100 | 10.731 | 45,4 | 11.722 | 49,5 |

| | | | | | | יי | ז |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א נ ד ע ר ע | | אוקראַינער | | פ אָ ל י א ק ן | | ר ו ס ן | |
| פראָצ. | אבס. | פראָצ. | אבס. | פראָצ. | אבס. | פראָצ. | אבס. |
| 1,0 | 36 | 0,3 | 12 | 2,2 | 77 | 2,6 | 87 |
| 0,2 | 5 | — | — | 2,2 | 57 | 1,3 | 34 |
| 12,0 | 392 | 0,4 | 1 | 4,9 | 158 | 1,7 | 47 |
| 12,0 | 266 | 0,2 | 4 | 3,6 | 79 | 0,7 | 17 |
| 0,1 | 7 | 0,3 | 17 | 0,1 | 6 | 1,3 | 71 |
| — | — | 0,4 | 18 | 0,1 | 3 | 0,2 | 13 |
| 8,6 | 217 | 0,1 | 2 | 1,1 | 28 | 1,0 | 25 |
| 9,8 | 204 | 0,1 | 1 | 5,1 | 107 | 0,5 | 11 |
| 1,8 | 89 | 0,5 | 26 | 2,8 | 139 | 3,6 | 176 |
| 2,6 | 73 | 0,3 | 10 | 2,1 | 60 | 2,5 | 71 |
| 2,5 | 808 | 0,4 | 144 | 1,7 | 555 | 4,2 | 1.331 |
| 2,4 | 577 | 1,3 | 71 | 1,5 | 352 | 0,9 | 215 |

# אינהאַלט

זײַט

БЕЛАРУСКАЯ АКАДЭМІЯ НАВУК
НАЦКАМІСІЯ пры ЦВК БССР і ЯЎСЭКТАР БАН

Соцыяльна-экономічная сэрыя

2

# МЯСТЭЧКІ БССР

## У РЭКОНСТРУКЦЫЙНЫ ПЭРЫЯД

(Справаздача аб абсьледваньні мястэчак БССР, якое праведзена Нацкамісіяй пры ЦВК БССР і яўсэктарам БАН у сакавіку—красавіку 1931 г.)

Цана 40 кап.

МЕНСК—1932